װלאַדימיר גראָסמאַן

# מענטשן און פּראָבלעמען

זכרונות און געדאַנקען

פּאַריז
1964

דאָס בוך איז געווידמעט
דעם ליכטיקן אָנדענקען
פון מיין ברודער
מאיר גראָסמאַן

## פונעם מחבר צו דעם לייענער

דער מחבר פון דעם בוך פילט זיך פאַרפליכטעט צו דער־קלערן מיט אַ פּאָר ווערטער דעם פראַגמענטן־כאַראַקטער פון דעם ווערק. מיין זייער גרויסע פּובליציסטישע אַרבעט האָט שטענדיק פאַרלאַנגט אָפּצוגעבן זיך אַקטועלע פּראָבלעמען, דרינגענדע ענינים. עס איז נישט שטענדיק מעגלעך געווען אָנגיין מיט שטודיעס, וועלכע פאַרלאַנגען אַבסאָלוטע קאָנצענטראַציע.

אין דעם בוך וועט דער לייענער געפינען צוויי סקיצן — געווידמעט געאָרג בראַנדעס און הענריך היינע, — וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר פראַגמענטן פון גרעסערע ווערק, אָן אַרבעט פון צענדליקער יאָרן. אויב עס וועלן מיר געגעבן ווערן יאָרן, וועלן די ווערק פּובליצירט ווערן אין אַ צייט אַרום. איך האָב אָבער געהאַלטן פאַר נויטיק צוגעבן צו די סקיצן די וויכטיקסטע ביבליאָגראַפיע פאַר די לייענער, וועלכע האָבן אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר אייגענע שטודיעס.

דער מחבר פון דעם בוך ציט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו דער קורצער אָפּהאַנדלונג וועגן יידישער ליטעראַטור, געשריבן פון יידישע שרייבערס אין נישט־יידישע שפּראַכן — "דער פאַנטעאָן פון יידישער ליטעראַטור". דער גרויסער אוצר איז אַזוי צעזייט און צעשפּרייט ווי דאָס יידישע פאָלק, אָבער דער אוצר איז אַ וויכטיקער טייל אין דער יידישער קולטור...

***

אין דעם בוך, וואָס ווערט דאָ פּרעזענטירט פאַר דעם לייע־נער, איז אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ די קליינע יידישע ישובים אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. דאָס איז געטאָן נישט נאָר דערפאַר, ווייל דער מחבר פון דעם בוך האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין די לענדער און איז געווען פאַרבונדן מיט דעם יידישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן אין די לענדער, נאָר הויפּטזאַכלעך דערפאַר, ווייל די קלענסטע ישובים שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דעם לעבן פון דעם גרויסן יידישן כלל, וואָס מיר רופן אָן מיט דעם אויסדרוק וועלט־יידנטום. דעם פּרינציפּ פאַרגעסן מיר אָפּט. ווי צעזייט און צעשפּרייט מיר זאָלן נישט זיין, דערפאַר ווייל מיר זיינען צע־זייט און צעשפּרייט און וועלן מסתמא אייביק פאַרבלייבן אַזוי, איז וויכטיק יעדעס רינגעלע אין דער לאַנגער קייט, וואָס בינדט צוזאַמען אונדזער פאָלק.

אין דעם בוך גייען אַריין מערערע סקיצן, וואָס האָבן מער אָדער ווייניקער צו טאָן מיט וויכטיקע פּערזענלעכקייטן אין די אייגענע לענדער. ווערן אייניקע איינצלהייטן איבערגעחזרט, כדי צו באַהאַלטן די גאַנצקייט פון דער דערציילונג. אַוועקשיקן דעם לייענער אַריינצוקוקן אויף אַן אַנדער זייט פונעם בוך קען שטערן און אָפּט צעשטערן די גאַנצקייט פון דעם איינדרוק ביים לייענער.

# פון 1904 ביז 1964

עס איז באַשערט געווען אונדזער דור צו זיין עדות, אפשר מער ווי עדות, פון געשעענישן, וועלכע האָבן געענדערט פול־שטענדיק דעם גאַנג פון דער געשיכטע, און ממילא אויך דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע. עס לאָזט זיך, אַזוי גרינג צו זאָגן, אַז "אַ נייע וועלט איז געבוירן געוואָרן". עס איז געווען אַ לאַנגער פּראָצעס, אַ שווערער, אַ בלוטיקער, מיט אומגעהויערע מענטשן־קרבנות. און עס איז אַ גרויסע פראַגע, צי דער פּראָצעס פון ענדערונגען איז טאַקע אָפּגעשלאָסן, אָדער האַלט ביים פאַרענ־דיקט ווערן. בשעת מעשה, היינט, זיינען מיר נאָך אין מיטן פונעם שטורם.

די געשיכטע מאַכט מערקווירדיקע זיגזאַגן: נאָך דער גרוי־סער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות איז געקומען די רעאַקציע פונעם ווינער קאָנגרעס פון 1815 און די שוואַרצע רעאַקציע פון דער "הייליקער אַליאַנס"; נאָך דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענ־געלס, נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848 איז געקומען די רעאַקציע פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן און דער אויפקום פון דעם פּרייסישן אימפּעריאַליזם אונטער ביסמאַרק; נאָך דעם קאָמוניסטישן אויפ־שטאַנד אין פראַנקרייך אין 1871 האָט די האהענצאלערן־דינאַס־טיע געשטופּט דעם וואָגן צו איר אונטערגאַנג אין דער מלחמה פון 1914 — 1918.

דאָס פּנים פון דער וועלט האָט זיך כלומרשט געענדערט, אָבער אין תוך האָט די ענדערונג געבראַכט נאָך שווערערע נייע

פראָבלעמען און נייע געפּערלעכע פּאַרהעלטעניש. אַנשטאָט דער אַלטער אָטאָמאַנישער אימפּעריע זיינען געשאַפן געוואָרן קליינע, אָבער אַגרעסיווע אַראַבישע מלוכות, קריגעריש־אינספּירירט פון פּאַן־אַראַביזם. אַנשטאָט דעם צאַרישן שטאַרבנדיקן רעזשים איז געקומען דער באָלשעוויזם מיט זיינע פּרעטענזיעס אויף פירער־שאַפט און מיט אַ פּראָוואָצירנדן מיליטאַריזם ווי די וועלט האָט אים פריער קיין מאָל נישט געזען; עס איז אַנטשטאַנען אַ נייע מלוכה יוגאָסלאַוויע, אַ נייע מלוכה טשעכאָסלאָוואַקיע און אַ ניי אויף צווייען צעשפּאַלטן דייטשלאַנד — נאָך די יאָרן פון נאַציס־טישן טעראָר־רעזשים.

ווי אַ פאָלק, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט, האָבן מיר אַזוי גוט ווי אין יעדן לאַנד געליטן פון דעם דערשיטערנדן פאַר־ניכטונגס־פּראָצעס. גענוג צו זאָגן, אַז דער דריי און אַ האַלב מי־ליאָנעדיקער ישוב אין פּוילן, דאָס טייערסטע און בעסטע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין פאַרלויף פון די לעצטע אַכט הונדערט יאָר, איז אַזוי גוט ווי אינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן. און דאָס שווידערלעכע געשפּענסט פון נאַציזם בלאָנדזשעט נאָך היינט אַרום אין דער וועלט. ווי "די שוואַרצע פּעסט" אין מיטלאַלטער לאָזט זיך נישט נאַציזם און ראַסיזם אויסקאָרעניען...

און אַלץ דאָס אין איין האַלב יאָרהונדערט! דאָס איז דאָך דער בעסטער באַווייז, אַז די געוואַלדיק גרויסע היסטאָרישע ענדערונגען, זיינען נישט געקומען פּלוצלונג און אומדערוואַרט. די פעלקער און די לענדער זיינען אויסגעוואַקסן און געוואָרן רייף. די אַלטע רעזשימען האָבן געמוזט פאַרשווינדן, די רעזשימען צו־זאַמען מיט די הערשער־דינאַסטיעס, מיט די רעשטן פון מיטל־אַלטער...

עס האָט אונדז, יידן, אָפּגעגאָלטן. עטלעכע צענדליקער יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּע אַוועקגעטראָגן מיליאָנען יידן אין אַנדערע לענ־דער. דאָס איז נישט געווען קיין דעסטרוקטיווער פּראָצעס. פאַר־קערט, נייע, גרויסע, אַקטיווע און געזונטע יידישע ישובים זיינען געגרינדעט געוואָרן. אַ נייע יידישע וועלט איז געבוירן געוואָרן,

אויסגעוואַקסן און זיך צעבליט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה! אַ יידישע מדינה איז געגרינדעט, אַ נייער ישוב מיט נייע פּערס־פּעקטיוון, מיט אַ ברייטן פּראָגראַם פאַר אַ נייעם רענעסאַנס!

*

איך האָב געהאַט דעם זכות צו אַרבעטן קנאַפּע פינף יאָר אין דער אָפּטיילונג פאַר עמיגראַציע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יק"א אין פּעטערבורג, פון 1906 ביז 1910. עס איז שוין געווען נאָך דער גרויסער מאַסן־אויסוואַנדערונג, אָבער אַ סך צענדליקער טויזנטער יידישע עמיגראַנטן האָבן נאָך אַלץ, יעדעס יאָר "גע־גנבעט" די גרענעץ און געפאָרן — הויפּטזאַכלעך אויף דייטשע שיפן פון האַמבורג און ברעמען — קיין אַמעריקע. אויף דער דייטשער זייט פון דער דייטש־רוסישער גרענעץ זיינען געווען פול געפּאַקט די דייטשע, אַזוי־גערופענע, קאָנטראָל־סטאַנציעס, וואו מען האָט "געריייניקט", בעסער געזאָגט, געפּייניקט די גע־זאַמלטע מאַסן פון די יידישע עמיגראַנטן, איידער מען האָט זיי געשיקט צו די שיפן. איך האָב יאָרנלאַנג אַריינגעקוקט אין די שטעט און שטעטלעך פון ליטע און פוילן, באַזוכט אויך די קאָנ־טראָל־סטאַנציעס. גאַנצע געגנטן פון ליטע זיינען דעמאָלט אויס־געליידיקט געוואָרן פון יידן, וואָס זיינען אַוועקגעפאָרן פאָראויס און האָבן ביסלעכווייז אַריבערגענומען זייערע פאַמיליעס. עס האָט זיך גענומען בויען דער ישוב אין דרום־אַפריקע, דער ישוב אין קאַנאַדע, אין דרום־אַמעריקע. מיט אַלע מיטלען האָבן זיך יידן געריסן אַרויס פון רוסישן גיהנום. מען איז געלאָפן וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן. דער יידישער קוראַזש, דער יידישער דראַנג צו לעבן, איך וואָלט געזאָגט, דער יידישער אינסטינקט האָט ווי אַ באַראָמעטער פאָראויס געמאָלדן, אַז אַ שטורעם וועט אַהער אָנקומען און אַלץ פאַרניכטן און דער וואָס קען זיך ראַטעווען — זאָל אַנטלויפן, און מען איז געלאָפן.

גראַף וויטע, דער באַרימטער רוסישער שטאַטסמאַן, וועלכער האָט באַזוכט אַמעריקע, כדי צו פאַרהאַנדלען מיט יאַפּאַן וועגן אָפּ־שליסן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה, האָט דערציילט שפּעטער אין

זיינע זכרונות, ווי דערשטוינט ער איז געווען צו געפינען אין אַמע־ריקע מאַסן רוסישע יידן, וועלכע האָבן באַקומען אַרבעט און זיך גוט איינגעלעבט, אַזוי ווי ער האָט זיך דאָס פריער נישט געקענט פאָרשטעלן. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט שוין דעמאָלט אָנגע־הויבן שטאַרקער אָטעמען, אינטענסיווער זיך אויסלעבן. די אויס־וואַנדערונג פון אייראָפּע איז אָנגעגאַנגען. דאָס אַמעריקאַנער יידנ־טום איז געוואָרן אַ יידישע פעסטונג.

איך האָב נישט געדאַרפט פאָרן קיין אַמעריקע, כדי צו טרעפן דאָרט רוסישע יידן און די רוסישע רעאַקציע אויף זייער לעבן. די לעצטע פינף יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, קנאַפּע פינף יאָר, האָב איך געאַרבעט אין דער פערטער דומאַ, אין דעם לעצטן רוסישן פאַרלאַמענט, אַלס קאָרעספּאָנדענט פון יידישע און נישט־יידישע בלעטער. אין פאַרלויף פון די יאָרן האָט אַמעריקע, דאָס הייסט, די פאַראייניקטע שטאַטן, אָפּגעזאָגט דעם אַלטן האַנדלס־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד צוליב דעם, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט נישט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיך אין לאַנד קיין אַמעריקאַנער יידן. די רוסישע שוואַרצע רעאַקציע איז פּשוט משוגע געוואָרן פון כעס: צוליב יידן אָפּזאָגן אַ האַנדלס־פאַרטראַג מיט דעם מעכטיקן רוסלאַנד!? אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. יעקב שיף איז טאַקע נישט געווען קיין רוסישער ייד, לואי מאַרשאַל אויך נישט, אָבער דאָס איז נישט געווען וויכטיק. וויכטיק איז געווען, אַז דאָס יידנטום האָט געקענט רעאַגירן און האָט רעאַגירט מיט אַ שטאַרקן כוח. פון דער רוסישער מאַסן־אויסוואַנדערונג איז אויס־געוואַקסן אין אַ סך טיילן פון דער וועלט אַ נייער שטאַרקער כוח... אַ יידישער כוח...

*

די ערשטע וועלט־מלחמה איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע. גאָט ווייסט, וואָס פונעם פאָלק ישראל וואָלט גע־וואָרן, אויב די געשעענישן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה וואָלטן נישט געענדערט די צעשפּרייטונג פון יידן אין דער וועלט. דער דייטשער ראַסיזם האָט שפּעטער פאַרניכטעט מיליאָנען יידן,

אָבער אונדזער עקזיסטענץ איז שוין געווען געזיכערט און אַפילו אַזעלכע צוויי מערדערישע באַוועגונגען ווי דייטשער היטלעריזם און רוסישער בירגער־קריג, אָדער לאָמיר זיי אַנדערש אָנרופן, נאַציזם און באָלשעוויזם, האָבן נישט געקענט אונטערגראָבן אונדזער עקזיסטענץ. די צוויי מאָנסטער־באַוועגונגען האָבן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרניכטן דאָס יידנטום אויף צוויי פאַרשידענע אופנים, די דייטשן דורך הרגענען און ברענען, די רוסן דורך פיזישן מאָרד און דורך צוואַנג־אַסימילאַציע. עס איז אפשר סימבאָליש, אַז היטלער איז נישט געווען קיין אמתער דייטש, נאָר אַן אונטערוועלטס־מענטש פון עסטרייך, פון אַ ביז איצט נאָך נישט אויפגעקלערטן יחוס, און סטאַלין איז נישט געווען קיין רוסישער מענטש, נאָר אַן אויסוואורף פון אַ קאַווקאַזישער נידעריקער סביבה.

קיין מער משוגענע אידעע, ווי די רוסן האָבן געהאַט און האָבן ביז איצט, אַסימילירן מיליאָנען יידן, — מיט וועמען אַסי־מילירן, צוליב וואָס אַסימילירן? — האָט נישט געקענט אויפ־קומען ביי זיי....

דער שרייבער פון די שורות האָט פאַרבראַכט דאָס ערשטע יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין פוילן, טיילווייז אין וואַרשע און טיילווייז אויפן פראָנט ביי סאָכאַטשעוו. דאָס איז גע־ווען דאָס יאָר פון די גרעסטע מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי און דאָס יאָר פון דעם גירוש פון 600 טויזנט יידן פון פוילן, ליטע און באַלטיקום. אין דער שפּיץ פון דער רוסישער אַרמיי איז גע־שטאַנען דער גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, איינער פון די ווילדסטע באַרבאַרן פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, אפשר דער ווילדסטער נאָך דעם צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער. אויב מען זאָל וועלן אויסטראַכטן אַ פּירוש אויף די היסטאָרישע געשעענישן מעג מען זאָגן, אַז די רוסן האָבן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דער־מאָרדעט די גאַנצע משפּחה פון ניקאָלאַי דעם צווייטן און די השגחה האָט איבערגעלאָזן לעבן דעם בלוטדורשטיקן גרויספירשט, כדי ער זאָל מיט אייגענע אויגן זען דעם אונטערגאַנג פונעם אַלטן רוסלאַנד. און ער האָט עס געזען, דערלעבט און געזען...

די יורשים פון דעם אַלטן רוסישן רעזשים, די היינטיקע בויער

פון סאָוויעט־רוסלאַנד, האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף עפּעס גרעסע־רעס: צווינגען עטלעכע מיליאָן רוסישע יידן צו אַסימילירן זיך. אַ האַלבע וועלט האָט געהאַלטן און האַלט אין פּראָטעסטירן שטור־מיש קעגן דער אַמביציע פון אַ האַלב־ציוויליזירטן לאַנד צו אַסי־מילירן מיליאָנען יידן, מענטשן פון אַן אַלטער טויזנט־יעריקער קולטור. דאָס געמיש פון פּאַנסלאַוויזם און פון מאָנגאָלישער קולטור, האַלבע רוסן און האַלבע טאָטאַרן, ווילן זיי אויפצווינגען זייער אַזיאַטישע לעבנס־פילאָזאָפיע אויף מיליאָנען יידן...

*

פּאַן־גערמאַניזם האָט פּאַקטיש זיך אַליין פאַרניכטעט. פּאַן־סלאַוויזם, צי ער איז צאַריסטיש אָדער באָלשעוויסטיש, האָט איי־גנטלעך די אייגענע כאַראַקטעריסטיק ווי פּאַן־גערמאַניזם, די איי־גענע אַמביציע צו בויגן און ברעכן פרעמדע פעלקער, וואָס ווילן זיך נישט איבערגעבן. אָבער ביידע האָבן זיי נישט באַוויזן נישט צו בויגן און נישט צו ברעכן דעם יידישן ווילן אויסצולעבן זיך אין זיין אייגענער קולטור. איצט קומט פּאַן־אַראַביזם.

שווער איז דער פאַרמעסט מיטן פּאַן־אַראַביזם און יידן קענען נישט איגנאָרירן דעם כוח פון אַ הונדערט מיליאָן מאַכמעדאַנער, וועלכע קענען גוט די מעטאָדן הן פון פּאַן־גערמאַניזם, הן פון פּאַן־סלאַוויזם און האָבן איבערגענומען זייערע מעטאָדן, ווילנדיק באַ־הערשן איצט דעם גאַנצן נאָענטן אָריענט. זיין פינגטשאָפּט צום יידנטום וואַקסט וואָס מער. עס ווערט אים קלאָר, אַז ער האָט נישט קיין שאַנסן צו געווינען די מלחמה קעגן מדינת ישראל. עס איז נישט מער קיין יידישע פראַגע — עס איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע...

אין זיין געשיכטע פון רעליגיעס שרייבט ריינאַק, אַז עס איז שווער צו געפינען אַ ריכטיקע באַצייכענונג פאַר איסלאַם אַלס רעליגיע. דער איסלאַם איז צונויפגעשטוקעוועט פון אַלערליי רע־ליגיעס, אַריינגעכאַפּט אויך נישט ווייניק פונעם יידישן גלויבן. מען ווייסט אייגנטלעך נישט, מיט וואָס מען האָט צו טאָן. מאָהאַמעד, דער גרינדער פון איסלאַם, האָט נישט געקענט נישט לייענען און

נישט שרייבן, אָבער דערפאַר האָט ער געהאַט "אינטואיציע" און פאַנטאַזיע. דער איסלאַם האָט שוין געהאַט זיינע דערפאָלגן, זיין עקספּאַנסיע און האָט זיך פאַרשפּרייט מיט אַ גרויסן אימפּעט. הונ־דערטער יאָרן איז דער איסלאַם געלעגן איינגעשלאָפן טויט און זיך פּלוצלונג דערוועקט פון שלאָף. דערוועקט צו אַ נייעם לעבן אין אַ נייער וועלט. אויב אַן אויפלעבן פון דעם נאָענטן מזרח איז מעגלעך, איז ישראל דאָס לאַנד, וואָס וואָלט באַדאַרפט זיין דער ערשטער און בעסטער שותף פון דעם אויפבוי, אָבער דער נאָענ־טער מזרח איז דערווייל אַ שפּילצייג אין די הענט פון די גרויס־מאַכטן, אַן אינסטרומענט פאַר פרעמדע אינטערעסן און פרעמדע אינטריגעס. אַזאַ לאַגע וועט מסתמא לאַנג נישט קענען אָנגיין.

דער מאַרש פון דער געשיכטע איז אַ לאַנגזאַמער און אָפט זייער אַ שווערער, אָבער נישט געקוקט אויף די גרויסע קרבנות, האָבן מיר דאָך דאָס קלאָרע באַוואוסטזיין, אַז צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם פּראָגרעס ווערט אויך אונדזער לאַגע זיכערער פון יאָר צו יאָר. מיר זיינען נישט אַליין. מיר געהערן צו דער גרויסער משפחה פון פרייע פעלקער, סיי דאָס וועלט־יידנטום, וואָס איז "צע־זייט און צעשפּרייט", און סיי מדינת ישראל.

עס איז צו באַוואונדערן דעם יידישן אימפּעט פאַר דער ער־שטער וועלט־מלחמה. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, די יידישע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע באַוועגונגען, די נייע יידישע ליטעראַטור אין אַלע אירע צווייגן, די פאַרבינדונג צווישן די ווייט־פאַרשפּרייטע ישובים, דאָס האָט אַלץ אָנגענומען באַשטימטע און פעסטע פאָרמען.

די לעצטע זעכציק יאָר — 1904—1964 — האָבן זיך אָנגע־הויבן מיט אַ קאָלאָסאַלער צעשטערונג נישט נאָר פון יידישן לעבן, יידישן האָב־און־גוטס. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אונדז גע־בראַכט אומגעהויערע קאַטאַסטראָפעס; אָבער מיר געפינען זיך היינט צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט אין אַ פּראָצעס פון ווידער־אויפבוי, פון זיכערער קאָנסאָלידירונג.

אונדזער גורל איז פאַרבונדן מיט דעם גורל פון אַנדערע פעלקער. די פּראָבלעמען, וואָס שטייען אויפן סדר־היום פון דער גאַנצער וועלט, זיינען אויך אונדזערע פּראָבלעמען.

# אידעאָלאָגיע פון אַרבעט

אויסערגעוויינלעך גרויס און רייך איז די ליטעראַטור וועגן אַרבעט ביי אַלע קולטור־פעלקער, אין אַלע שפּראַכן פון ציוויליזירטע פעלקער. יעדע וויסנשאַפט וועגן סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען הויבט זיך אָן מיט דער אַנאַליזע פון אַרבעט, מיט דער ראָלע פון דעם אַרבעטער און זיין בייטראַג צו דער פּראָדוקציע. פּוריעריזם און סימאָניזם, סאָציאַליזם און קאָמוניזם, יעדע טעאָריע, יעדע פאָרם פון געזעלשאַפט איז געבויט אויף דעם ווערט פון אַרבעט און דעם אַרבעטער.

פאַר דעם יידישן כלל איז דער ענין פאַרבונדן מיט גאַנץ ספּעציעלע רעזערוואַציעס. פאַר אונדז איז דאָס נישט קיין טעאָרעטיש פּראָבלעם ווי ביי אַנדערע פעלקער, נישט סתם ערנסטע געדאַנקען וועגן דער וויכטיקייט פון אַרבעט, וועגן חשיבות פון פיזישער אַרבעט ביי אַ יחיד אָדער ביי אַ גאַנץ פאָלק — עס איז אַ פּראָבלעם פון באַזונדערע באַדינגונגען, פון טאָג־טעגלעכער אַרבעט ביי אַ פאָלק ווי יידן, וואָס זיינען געווען כמעט ווי אויסגעשלאָסן אינגאַנצן פון אַרבעט. דאָס מיטלאַלטער, דער קאַמף צווישן דער קירך און דער וועלטלעכער מאַכט, די קריסטלעכע צעכן, וואָס האָבן נישט דערלויבט יידן צו באַטייליקן זיך פּראָפעסיאָנעל אין האַנטאַרבעט, די אַטמאָספער פון ברוטאַלער פרומקייט און ווילדן קלאַסן־עגאָאיזם — דאָס אַלץ האָט געדריקט און געשטיקט נאָרמאַלע אימפּולסן ביים מענטשן. קריסטלעכער יושר און קריסטלעכער "אידעאַליזם" האָבן פאַרפינצטערט דאָס יידישע לעבן אין מיטלאַלטער. עס האָט "זיי" בעסער געפּאַסט,

אַז יידן זאָלן זיך פאַרנעמען מיט לייען געלט אויף פּראָצענטן און פאַרקויפן צירונג. עס איז בעסער געווען, האָט די קריסטלעכע וועלט געמיינט, אַזוי צו רעגולירן די פינאַנצן פון לאַנד אָן יידי־שער אַרבעט, עס איז אויך באַקוועמער געווען צו רויבן ביי יידן זייער פאַרמעגן. נישט נאָר פּריוואַטע רויבערס האָבן זיך באַנוצט מיט יידישע געלטער אויף אַ פּשוטן, פאַרברעכערישן אופן, ד. ה. דורך גזילה און מאָרד. קעניגלעכע מאַיעסטעטן האָבן זיך באַנוצט מיט מאָרד, כדי צו באַפרייען זיך פון יידישע פריינד, ביי וועמען מען האָט אָנגעבאָרגט מאַסן געלט. דאָס איז געווען דער באַ־קוועמסטער אופן, ווי מען ווערט אויס בעל חוב: דערהרגענען!...

נו, עס איז נישט אונדזער צוועק צו דערציילן דאָ היינט אַפילו בקיצור די געשיכטע פון דער יידישער "עקאָנאָמיק" אין מיטלאַלטער. אונדז אינטערעסירט די צווייטע זייט פון מעדאַל: די טיפע דעמאָראַליזאַציע, וואָס די חשיבות פון געלט האָט אַריינ־געבראַכט אין יידישן לעבן, די פאַראַכטונג צו אַרבעט, וואָס האָט געמוזט באַגלייטן דעם רעספּעקט צו געלט, צו גאָלד און זילבער. אַ פאָלק, וואָס אים איז געווען פאַרשפּאַרט דער וועג צו פיזישער אַרבעט, אַ פאָלק, וואָס פאַר אים איז געווען אָפן נאָר דער וועג צו שאַכער־מאַכער, צום וואוכערמאַרק, איז דערצויגן געוואָרן אין די דאָזיקע, מ'שטיינס געזאָגט, פּריווילעגירטע פּרנסות. אַ שניידער, אַ שוסטער, אַ שלאָסער, אַ סטאָליאַר — דאָס האָט מען געקענט טאָלערירן, אָבער האָבן דרך ארץ פאַר זייער אַרבעט, רעספּעק־טירן זייער סאָציאַלע פונקציע, דאָס נישט. ווי קומט אַ סטאָליאַר צו אַ דאָקטאָר, אַ זעצער צו אַן אַדוואָקאַט?! ווער וואָלט זיך דערוועגט ריידן אַ שידוך דער טאָכטער פון אַ יידן אַ גביר אַ פיינעם שלאָסער אָדער אַ גוטן שניידער?!

אין מיין בוך "אַמאָל און היינט" האָב איך דערציילט, ווי מיינע אַ שוועסטער, אַ טייערע, קלוגע יידישע טאָכטער, האָט זיך פאַרעקשנט און מען האָט איר געמוזט קויפן אַ שטריק־מאַשין. די מאַשין האָט מען באַהאַלטן אין אַ חדר מיוחד, אַז קיין מענטש זאָל זי, חלילה, נישט זען. אַ שטריק־מאַשין אין אַ פאַרמעגלעך יידיש הויז, דערצו נאָך ביי אַ יידן אַ שוחט, אַ רב, אַ דיין, אַ

גרויסן למדן, באַקאַנט אין שטעטל ווי איינער פון די בכבודיקסטע יידן — נו, דאָס וואָלט דאָך געווען אַ פלעק אויפן יחוס, אַ שאַנד פאַרן הויז און ממילא פאַר דעם זייער שיינעם מיידל...

**
*

ווען די רוסישע רעגירונג האָט אין 1882 דעקרעטירט די "וורעמעני פראווילא" (די גזירה פון "צייטווייליקע רעגולאַציעס"), און געשאַפן די "טשערטאַ אָסעדלאָסטי" ("תחום המושב"), האָט זי באַגרענעצט דאָס וואוינרעכט פון יידן, אָבער געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר בעלי־מלאכות ("רעמעסליניקי"). אַ בעל־מלאכה, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַן עקזאַמען אויף קענען זיין פאַך, האָט באַקומען אַ ספעציעלן פאַפיר ("רעמעסלעני ליסט"), וואָס האָט אים געגעבן וויכטיקע פריווילעגיעס און וואוינרעכט. ער האָט זיך געקענט באַזעצן כמעט אומעטום אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ וויכטיקע פריווילעגיע, אַן אָפיציעלע אָנערקענונג, אַז ער איז אַ נוצלעכער בירגער, אַז ער איז ווערט די פריווילעגיע, כאָטש ער איז אַ ייד...

נישט גרינג און נישט אומעטום איז אָנגעקומען די יידן בעלי־מלאכות צו באַנוצן זיך מיט דער פריווילעגיע. אין פוילן, למשל, האָבן די צעכן, אינגאַנצן אין די הענט פון קאַטוילישע בעלי־מלאכות, אָפט געמאַכט יידישע בעלי־מלאכות גרויסע שטע־רונגען אין באַקומען דעם דיפּלאָם. אַ סך גרינגער איז דאָס געווען אין רוסלאַנד גופא.

די זיגזאַגיקייט פון דער אָפיציעלער רוסישער פּאָליטיק בנוגע יידן האָט זיך מאַניפעסטירט אין איר באַציאונג צו די יידישע פאַרמערס. מיט 150 יאָר צוריק, אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, ווען רוסלאַנד האָט געוואָלט האָבן באַפעלקערונג אויף די דעראָבערטע דרום־רוסישע סטעפּעס, האָט מען מיט צוואַנג געשלעפּט יידן פון די מערב־פּראָווינצן, כדי פון זיי צו מאַכן פויערים און באַזעצן זיי אויפן לאַנד. מען האָט געבונדן יידן מיט שטריק, אַוועקגעלייגט זיי אויף וואָגנס און געפירט.

טויזנטער יידן זיינען אויסגעגאַנגען אויפֿן וועג. די יעניקע, וואָס מען האָט געבראַכט אין דער כערסאָנער גובערניע, האָבן זיך באַזעצט אין קאָלאָניעס, געוואָרן קאָלאָניסטן, געשאַפֿן אַ דור ערד־אַרבע־טערס. די ייק״א האָט געשטיצט שפּעטער די קאָלאָניעס מיט אַגראָנאָמישער הילף, אויך מיט מאַטעריעלער שטיצע. איך האָב באַזוכט אין 1912 אַ ריי פֿון די קאָלאָניעס. די יידישע פּראַצע האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן. דער תירוץ פֿון דער רוסישער רעגירונג, אַז זי האָט געוואָלט מאַכן פֿון יידישע פּוסטעפּאַסטני־קעס פּראָדוקטיווע ״נוצלעכע עלעמענטן״, איז געווען נישט מער ווי אַ תירוץ צו פֿאַרדעקן די ברוטאַלע פּאָליטיק פֿון באַפּעלקערן די סטעפּעס. אָבער יידן האָבן זיך דערביי אַרויסגעוויזן ווי גוטע ערד־אַרבעטערס און פֿאַרמערס. אַזוי איז עס אויך געווען מיט די יידישע קאָלאָניעס אין בעסאַראַביע און יעקאַטערינעסלאַווער גובערניע, מיט דער יידישער גערטנעריי אין פּוילן און אין ליטע.

די רוסישע פּאָליטיק איז אָבער קיין מאָל נישט געווען סטאַ־ביל. פּונקט אַזוי ווי מען האָט פֿריער געצוואונגען יידן מיט גע־וואַלד צו ווערן ערד־אַרבעטערס, האָט מען שפּעטער נישט גע־לאָזט יידן באַזעצן זיך אויפֿן לאַנד. מען וואָלט געקענט שרייבן אַ ראָמאַן אין הונדערט בענדער וועגן דעם, ווי אַזוי די צאַרישע רעגירונג האָט אָפּגעהיט די ערד פֿון יידן. ווען די באַפּעלקערונג אין די קאָלאָניעס איז אויסגעוואַקסן און מען האָט געדאַרפֿט האָבן ערד פֿאַר די נייע משפּחות, האָט מען נישט דערלאָזן יידן נישט נאָר צו קויפֿן ערד פֿון די שכנים, נאָר אַפֿילו אַרענדירן ערד. יידן האָבן נישט געקענט וואוינען אָדער באַזעצן זיך אין דערפֿער, יידן האָט מען נישט געטאָרט באַגראָבן אין אַ דאָרף...

דערוויל האָט דאָס אַלטע רוסלאַנד מער און מער זיך אַליין דעגראַדירט. נאָך דער באַפֿרייאונג פֿון די פּויערים אין 1861 האָט זיך אָנגעהויבן דער פֿאַרביסענער קאַמף פֿון דער רעאַקציע קעגן די אַזוי־גערופֿענע רעפֿאָרמען. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט. די אינדוסטריאַליזאַציע פֿונעם לאַנד האָט געבראַכט די ערשטע גרוי־סע קאַדרען פֿון אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט. דאָס לעבן אַליין

האָט געבראָכן דעם אַלטן רעזשים, צעטרייסלט זיינע גרונט־יסודות. עס זיינען געקומען נייע צייטן אויך פאַר דעם רוסישן יידנטום, נייע צייטן און נייע ווינטן. די רוסישע רעגירונג האָט אַרויסגע־געבן די "צייטווייליקע רעגולאַציעס" פאַר יידן, כדי צו דערשטיקן דאָס יידנטום. אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען האָט אַרויסגערופן אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג פון יידן, אַ הונדערט און פופציק טויזנט יידן האָבן פאַרלאָזן רוסלאַנד יעדעס יאָר.

אין אָט דער עפּאָכע, אין יאָר 1880, איז געגרינדעט געוואָרן אין פעטערסבורג "די אָרגאַניזאַציע פאַר פאַרשפּרייטן מלאכות און ערד־אַרבעט צווישן יידן" — "אָבשטשעסטווא ראַספּראַטראַנע־ניא טרודאַ סרעדי יעווריעוו" — "אָרט". געגרינדעט געוואָרן און אָנגעהויבן אירע אַקטיוויטעטן מיט איין פאַכשול אין דווינסק. דאָס הייסט, אַז די אָרגאַניזאַציע, וואָס אַרבעט היינט אין 21 לענדער, איז איצט אַלט 84 יאָר...

***

דער "אָרט" איז נישט געשאַפן געוואָרן פון טעאָרעטיקערס, פון יידישע סאָציאָלאָגן, וואָס האָבן געזען דאָס אַראָפּנידערן פון פאָלק צו דער מדרגה פון אַן עקאָנאָמיש־דעסטרוקטיווער מאַסע, הינטערשטעליק אין דער אַרבעט און פּראָדוקציע. די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן פון וויכטיקע בירגערלעכע כלל־טוערס, אָבער יידן מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז אויף זיי ליגט די גרויסע, די היסטאָרישע אחריות פאַר דעם צושטאַנד פון די יידישע מאַסן. פון זיי איז אַרויס דער רוף צו דער יידישער עפנטלעכקייט:

— יידן, צו דער אַרבעט!

עס איז געגאַנגען וועגן קיום פון דער יידישער באַפעלקע־רונג, איר עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, איר אָנטייל אין דער אַרבעט און אין דעם עקאָנאָמישן פּראָגרעס פון לאַנד. און יידן פון אַלע טיילן רוסלאַנד האָבן זיך אָפּגערופן אויף דעם רוף צו אַרבעט און צו פאַך־אויסבילדונג. פון אַלע עקן לאַנד איז אָנגעקומען געלט. עס איז מיט אַ מאָל אַריינגעקומען עטלעכע הונדערט טויזנט רובל.

פאַר זיינע קנאַפּע פינף און אַכציק יאָר עקזיסטענץ איז דער „אָרט" אויסגעוואַקסן אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער יידישער אָרגאַ־ניזאַציע פאַר פאַך־אויסבילדונג. הונדערטער טויזנטער יידישע יוגנטלעכע, צוזאַמענגענומען פון איבער צוואַנציק לענדער, האָט דער „אָרט" ביז איצט פאַכלעך אויסגעשולט. הונדערטער מוס־טערהאַפטע פאַכשולן האָט די אָרגאַניזאַציע געבויט אין אַ סך לענדער, דערביי אויך אַ גרויסע נעץ פון ערשטקלאַסיקע פאַכ־שולן אין מדינת ישראל מיט כמעט 15 טויזנט שילערס אין פאַר־שידענע פאַכן. דער „אָרט" איז אין ישראל דער הויפּטקוואַל פון אויסגעלערנטע אַרבעטער פאַר דער וואַקסנדער אינדוסטריע.

די אָרגאַניזאַציע האָט איבערגעלעבט צוויי וועלט־מלחמות, דעם רוסישן בירגער־קריג און די קאַטאַסטראָפע פון היטלער־חורבן. די אָרגאַניזאַציע האָט איבערגעלעבט דעם יידישן חורבן אין סאָ־וויעט־רוסלאַנד, וואו אַלע „אָרט"־שולן און דאָס גאַנצע „אָרט"־פאַרמעגן זיינען צוגערויבט געוואָרן און די אָנפירערשאַפט איז אומגעבראַכט געוואָרן — הגם די אָרגאַניזאַציע איז שטענדיק געווען שטרענג־אומפּאַרטייאיש. דער „אָרט" האָט הינטער זיך אַ געשיכטע פול מיט גרויסע דערפאָלגן, אָבער אויך פול מיט אומ־גליקן, מיט אומבאַשרייבלעכע שוועריקייטן.

נישט מיט ווערטער, נאָר מיט מעשים איז דערהויבן געוואָרן די חשיבות פון יידישער אַרבעט. נישט מיט קיין טעאָרעטישע מליצות, נאָר מיט אַ סיסטעמאַטישער און עקשנותדיקער טעטי־קייט איז דערגרייכט געוואָרן אַ רעזולטאַט, וואָס האָט אונדז אַוועק־געשטעלט אין איין ריי מיט אַלע גרויסע קולטור־פעלקער.

**
*

עס לוינט, אַז די יידישע געזעלשאַפט זאָל אַביסל נענטער באַקענען זיך מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, מיט איר פאַרנעם און אירע אַקטיוויטעטן, מיט דער פינאַנציעלער באַזע פון איר שול־סיסטעם. אין יעדן לאַנד איז פאַך־אויסבילדונג באַזאָרגט, אָרגאַניזירט, אָנגעפירט און באַצאָלט פון דער רעגירונג. אָבער

די ״אָרט״־אָרגאַניזאַציע איז אַ וועלט פאַר זיך. זי ווערט אויס־געהאַלטן פון יידן און פון נישט־יידן, זי ווערט געשטיצט פון פריוואַטע זאַמלונגען און פון פאַרשידענע רעגירונגען, אַפילו פון רעגירונגען פון לענדער, וואו עס זיינען נישטאָ קיין ״אָרט״־שולן, ווי דאָס איז דער פאַל אין שוועדן, נאָרוועגן און דענעמאַרק.

לאָמיר דערוייל אַ קוק טאָן אויף דעם פאַרנעם פון די ״אָרט״־אַקטיוויטעטן.

דעם ערשטן יאַנואַר 1963, האָבן זיך אין די ״אָרט״־שולן געלערנט 23.744 שילערס. נאָך דעם ערשטן יאַנואַר 1963 האָט מען אָנגענומען נייע 16.385 שילערס. צוזאַמען מאַכט עס אויס 40.129 תלמידים. עס איז נישט קיין קליינע צאָל.

עטלעכע איינצלהייטן: אין ישראל — 12.903 שילערס, אין פראַנקרייך 4.603, אין איטאַליע 3.382 אין מאַראָקאָ 3.201, אין פוילן 3.092, אין טוניס 2.382.

מיר וועלן נישט פאַרמאַטערן אונדזערע לייענערס מיט מער ציפערן, הגם דאָס זיינען זיכער נישט קיין טרוקענע ציפערן. יעדע פון די ציפערן האָט אַ באַדייטונג פאַר יידישע אַרבעטער־הענט, יעדע פון די גרויסע ״אָרט״־שולן איז אַ מוסטער־שול. די אָרגאַ־ניזאַציע האָט איר אייגענעם אינסטיטוט אויף צוצוגרייטן אויסגע־בילדעטע ערשטקלאַסיקע לערערס און אינסטרוקטאָרן. די ״אָרט״־שולן האָבן די פיינסטע און מאָדערנסטע מאַשינען. די אָרגאַני־זאַציע וואַקסט און ברייטערט זיך אויס. אָט האָט מען געעפנט אַ שול אין באָמביי, אינדיע, אַן אַנדערע שוין אין אַבעסיניע. מען אַרבעט אין אַפריקע, אין די נייע לענדער, וואו עס זיינען גאָר נישטאָ קיין יידן.

מיר זיינען אָבער זיכער, אַז נישט וויניק פון אונדזערע לייע־נערס קוקן אַריין אין די ציפערן און פרעגן זיך, פון וואַנען נעמט די אָרגאַניזאַציע די מיטלען אויסצוהאַלטן אַזאַ מעכטיקן אַפּאַראַט? עס איז נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז דאָס וויל מען וויסן, ווייל פון דעם ענטפער איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון דער אָרגאַניזאַציע, איר קיום, איר גייסט, איר אינהאַלט.

דער בודזשעט פון דער אָרגאַניזאַציע איז איבער אַכט מיליאָן

דאָלאַר אַ יאָר. פּאָליטיש זאָגן זיך אָפּ צו פאַרשטיין, ווי קען מען אויסהאַלטן מיט אַזוי ווייניק געלט אַזאַ צאָל שולן, אַזוי פיל שי־לערס. אָבער אָפּילו דאָס "ביסל געלט" איז אויך נישט גרינג אַריינצובאַקומען. "אַרט" איז נישט קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, "אַרט" איז נישט פאַרבונדן מיט קיין שום פּאַרטיי, אָבער עס איז נישטאָ קיין יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל נישט אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון איר אַרבעט, כאָטש צו געלט קומט עס אָבער נישט....

די גרעסטע סומע טראָגט אַריין דער "דזשאָינט", קנאַפּע צוויי מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. אויב מיר זאָלן רעכענען, אַז אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן געפינען זיך זעקס מיליאָן יידן, הייסט דאָס, אַז דורכשניטלעך צאָלן אַמעריקאַנער יידן אויף שטיצן די גרעסטע יידישע פּראָפעסיאָנעלע דערציאונגס־אָרגאַניזאַציע — יעדע דריי אַמעריקאַנער יידן צוזאַמען איין דאָלאַר אַ יאָר. אַ גרויסע אַרבעט און זייער אַ גרויסע סומע ברענגט אַריין די אַמעריקאַנער פרויען־אָרגאַניזאַציע פון איר מיטגלידערשאַפט, אַ קנאַפּן מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. אויב מיר וועלן צונויפלייגן די צוויי בייטראַגן פון צפון־אַמעריקע, וועט עס אויסמאַכן דריי מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר אָדער דורכשניטלעך פופציק סענט אַ יאָר פון יעדער אַמעריקאַנער יידן. קען מען נישט זאָגן, אַז דאָס איז זייער אַ גרויסער בייטראַג. זאָגן דאַרף מען נאָר, אַז דער בייטראַג פון די פרויען איז אויסערגע־וויינלעך וויכטיק. עס איז נישט קיין טייל פון אַן אַלגעמיינער זאַמלונג ווי די געלטער, וואָס קומען דורך דעם "דזשאָינט" פון דעם "יונייטעד דזשואיש אַפּיל". די פרויען־מיטגלידערשאַפט ברענגט אַריין דעם "אָרט" אין צענדליקער טויזנטער יידישע היימען אין אַמעריקע. עס זיינען נישטאָ גענוג לויבווערטער פאַר דער איבערגעגעבנקייט פון דער פרויען־"אָרט"־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, פאַר איר פאַרשטענדעניש פאַר די אידעען און אידעאַלן פונעם יידישן רענעסאַנס.

רעדנדיק וועגן די מיטלען, וועלכע זיינען נויטיק, כדי אַזאַ ריזיקע שול־סיסטעם זאָל קענען טאָן איר אַרבעט אויף אַ ריכ־טיקן אופן, מוז מען זיך אָפּשטעלן אויף דעם אינטערעס, וואָס

וויזן אַרויס צו דער אַרבעט קליינע לענדער און קליינע יידישע ישובים. דאָס קליינע הייפל יידן אין שוועדן, ווייניקער פון פונפצן טויזנט נפשות, ברענגען אַריין אַ 25 אָדער 30 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, בשעת גאַנץ דרום־אַמעריקע מיט איר האַלבן מיליאָן יידן אָדער מער ברענגט נישט אַריין קיין פופציק טויזנט דאָלאַר.

די נייע "אָרט"־שול אין מאַרסעיל, וואָס שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אַרבעט פון "אָרט" אין אייראָפּע, איז אויסגעבויט אויפן חשבון פון די "אָרט"־פריינד אין נאָרוועגיע, נישט־יידישע פריינד פון "אָרט". די דאָזיקע פריינד האָבן אַריינגעלייגט אַ 75 טויזנט דאָלאַר.

דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז נישט־יידישע געלטער שטיצן אויך דעם "אָרט" סיסטעמאַטיש. אָט טראָגט אַריין פון צייט צו צייט די שוועדישע רעגירונג אַ צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די שוועדישע רעגירונג געשטיצט דעם "אָרט" מיט עטלעכע הונדערט טויזנט דאָלאַר.

אַזאַ קליינער ישוב ווי אין דענעמאַרק — אינגאַנצן אַן ערך זעקס טויזנט יידן — האָט איבער פיר הונדערט מיטגלידער אין דער "אָרט"־אָרגאַניזאַציע, צווישן זיי אַן ערך אַ דריטל נישט־יידן.

ווי פריער דערמאָנט, די רעגירונגען און די עפּנטלעכע מיינונג פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, שטיצן די אַרבעט פון "אָרט" ביי יעדער געלעגנהייט.

זייער אַ גרויסער טייל פון דעם "אָרט"־בודזשעט ווערט פאַרברויכט אויף די "אָרט"־שולן אין מדינת ישראל. עס מוז אָבער צוגעגעבן ווערן, אַז די שטעט און שטעטלעך אין ישראל, וואו עס געפינען זיך "אָרט"־שולן, שטיצן די שולן מיט אַ ברייטער האַנט און זיינען גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, כדי די שולן זאָלן קענען אַרבעטן נאָרמאַל און זיך אַנטוויקלען. עס איז דאָ פאַרשטענדעניש פאַר דער וויכטיקייט פון דער אַרבעט.

**
*

האָט דער ״אָרט״ שוין אויסגעפירט זיין מיסיע און אָפּגע־שפּילט זיין ראָלע אַלס אַ באַוועגונג, אַלס אַן אידעאָלאָגיע פון יידי־שער אַרבעט ?

דאַרף מען זיך צופרידנשטעלן דערמיט, וואָס דער ״אָרט״ האָט אויפגעבויט אַ גרויסאַרטיק שול־סיסטעם פאַר טעכנישער אויסבילדונג אין מדינת ישראל, אין פראַנקרייך, אין איטאַליע, אין צפון־אַפריקע, אין איראַן ?

אונדזער ענטפער איז קלאָר : גראַדע איצט, ווען די וועלט איז פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן טעכנישע הילף פאַר די נייע און נישט גענוג אַנטוויקלטע לענדער, גראַדע איצט, ווען פון אומעטום קומט דער רוף נאָך נייע און גוט־אויסגעלערנטע קאַדרען פון אַר־בעטער, איז געקומען די צייט פאַר אַ נייער אַנטוויקלונג פון דער ״אָרט״־אָרגאַניזאַציע און פון דער ״אָרט״־אַרבעט — און נישט נאָר אין די ווייניק אַנטוויקלטע לענדער. יידישע אַרבעטער־קאַדרען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע זיינען קאַ־טאַסטראָפאַל רעדוצירט געוואָרן פאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן. די גרעסטע יוניאָנס אין די לענדער, וואָס זיינען אַמאָל באַשטאַנען פון יידישע אַרבעטער, זיינען איצט אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן, עס איז געבליבן די יידישע פירערשאַפט אין די גרעסטע יוניאָנס, אָבער די יוניאָנס באַשטייען ס׳רוב נישט פון יידישע אַרבעטער. ביסלעכווייז ווערן מיר אין די לענדער פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלק פון דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, געשעפטסלייט, קינסטלער, שרייבערס, אַלערליי אינטעלעקטואַלן — נאָר נישט אַרבעטער. גראַדע אין אַ צייט פון אויסערגעוויינלעכער טעכנישער אַנטוויק־לונג און גאַנץ נייע פאָרמען פון ווירטשאַפטלעכן לעבן ווערט דאָס יידנטום אַ פאָלק אָן אַרבעטער...

איז נישט געקומען די צייט, ווען ״אָרט״־אידעען און ״אָרט״־אידעאָלאָגיע זאָלן אויפלעבן אין אַמעריקע, וואו עס לעבן גרויסע און געדיכטע יידישע מאַסן ? אין אַמעריקע, אין קאַנאַדע, אין דרום־אַמעריקע ?

איז נישט געקומען די צייט, ווען די גאַנצע ״אָרט״־אַרבעט אין אַמעריקע זאָל רעאָרגאַניזירט ווערן און נייע געזעלשאַפטלעכע

עלעמענטן זאָלן צוגעצויגן ווערן צו דער אַרבעט אָנשטאָט די, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט די ״אָרט״־אַרבעט דאָרט אין אַן אָר־גאַניזאַציע פאַר זאַמלען געלט און נאָר פאַר זאַמלען געלט?

נייע מענטשן דאַרפן קומען און אַ נייער רוף צו דער יידי־שער געזעלשאַפט דאַרף קומען. אפשר איז די ״אָרט״־פרויען־אָר־גאַניזאַציע אין אַמעריקע דער פּאַסנדער אָרגאַן אויף דורכצופירן די פולשטענדיקע רעאָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע.

די גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע מיט עטלעכע און אַכציק יאָר צוריק (1880) האָבן געהאַט אין זינען עפּעס מער פון אַ גרוי־סער צאָל פון שולן פאַר פאַך־אויסבילדונג. ווען מיר זאָגן דאָ, אַז זיי האָבן געהאַט אין זינען דאָס אָנזעען פונעם יידישן פאָלק, זיין פרעסטיזש אַלס פאָלק, וואָס אַרבעט און פּראָדוצירט, וואָס באַ־נוצט זיינע הענט און זיין פיזישע קראַפט, הייסט עס נישט, אַז זיי האָבן געוואָלט זען אַ פיינע דעקאָראַציע, ניין, זיי האָבן געזען ווייטער און טיפער פון דעם. עס איז נישט נאָר אַ פּראָבלעם פון אָנזעען און כבוד. עס איז אַ פּראָבלעם פון נאָרמאַליזירן דאָס עקאָ־נאָמישע לעבן פון פאָלק און דערמיט געפינען פאַר אים זיין בכבודן פּלאַץ צווישן אַנדערע פעלקער, וועלכע פירן אַ נאָרמאַל לעבן.

דער ענין פון אָנזעען איז אַ סך ערנסטער ווי דאָס וואָרט קלינגט. אָנזעען מיינט אנערקענונג, אנערקענונג פון גלייכבאַרעכ־טיקונג מיט אַנדערע קולטור־פעלקער. מיר ברענגען דאָ אַן אַלטן בריוו פון האַרי טרומאַן, דעם געוועזענעם אַמעריקאַנער פּרעזי־דענט, וועגן דער באַדייטונג פון דער ״אָרט״־אַרבעט אַלס אַ וויכ־טיקן קאָנסטרוקטיוון פאַקטאָר. מען דאַרף לייענען די שורות פון דעם בריוו און דאָס וואָס איז צווישן די שורות. מיט רעכט אָדער מיט אומרעכט פלעגט מען הונדערטער יאָרן רעדן וועגן יידן ווי וועגן אַ פאָלק, וואָס לעבט פון דער פּראַצע פון אַנדערע פעלקער. מען האָט נישט צוגעלאָזט יידן נישט צו דער מאַשין און נישט צו דער ערד און זיי באַשולדיקט אין דעם וואָס זיי אַרבעטן נישט. די אַלטע צייטן זיינען פאַרביי. עס זיינען נייע צייטן און עס איז אַ נייע וועלט. אין דער נייער וועלט מיינט אידעאָלאָגיע פון אָר־

בעט דאָס צענטראַלע אין עפנטלעכן לעבן, די אידעאָלאָגיע מוז ווערן דאָס צענטראַלע אין יידישן לעבן...

***

זאָלן דאָ דערמאנט ווערן די נעמען פון די דריי הויפט־בויער פון דער "אָרט"־וועלט־אָרגאַניזאַציע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס רוסישע יידנטום איז צעריסן געוואָרן אויף עטלעכע טיילן און דאָס אָרגאַניזירטע יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע האָט זיך געענדיקט. דאָס זיינען געווען ל. בראַמסאָן, אַ געוועזענער מיטגליד פון דער ערשטער דומאַ און פריער אַ פּיליאַריקער דירעקטאָר פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יק"א אין פּעטערסבורג; ד"ר ד. לוואָוויטש, אַן אַלטער טוער אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, און ד"ר א. סינגאַלאָווסקי, אַ פּאַרדינטער טוער אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַלע דריי האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם שטורם, וואָס האָט פאַרניכטעט דאָס יידנטום אין מזרח־אייראָפּע און אַלע דריי האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן אויף אויסבויען דעם "אָרט" צו דער מדרגה פון דער גרעסטער יידישער וועלט־אָרגאַניזאַציע פאַר אַרבעט און קולטור. אַלע דריי זיינען אַוועק פון דער וועלט בשעת זיי האָבן געטאָן זייער אַרבעט, געשטאַנען אויף זייערע פּאָסטנס ביז צו דער לעצטער מינוט פון זייער לעבן.

אַלע דריי פאַרדינען, אַז גרינדלעכע און אויספירלעכע אָפּ־האַנדלונגען זאָלן געווידמעט ווערן זייער לעבן און שאַפן.

THE WHITE HOUSE
WASHINGTON

February 14, 1947

Dear Mr. Held:

It is a pleasure to join with you in honoring William Green for his humanitarian work in helping thousands of Jewish refugees to rebuild their lives in our country.

I am informed that the Organization for Rehabilitation through Training, to which Mr. Green has given active support for many years, has assisted more than half a million Jewish refugees throughout the world to become self-supporting through acquiring new skills.

The conscience of our people applauds this work of ORT, both here and in other lands. We may well feel proud of the men and women, who like William Green, have worked to help tragic victims of totalitarian terror and brutality to find new dignity through useful work.

By this great program, labor leaders and humanitarians of the world are helping not alone the individuals who are trained for new tasks, but through them are helping in a real sense to build a better world. I wish, therefore, to express my commendations to Mr. Green for his efforts in this cause, and to ORT my hope that its example may serve increasingly to combat anti-Semitism and to awaken people everywhere to the truth that the rehabilitation of the world is a cooperative responsibility.

Very sincerely yours,

Harry Truman

Mr. Adolph Held,
Chairman,
ORT Labor Committee,
212 Fifth Avenue,
New York 10, N. Y.

# דאָס ווייסע הויז
# וואַשינגטאָן

פעברואַר 14, 1947.

טייערער מר. העלד,

עס איז אַ פאַרגעניגן פאַר מיר צו זיין מיט אייך, ווען איר גיט אָפּ כבוד וויליאַם גרין פאַר זיין הומאַניטאַרער אַרבעט לטובות די טויזנטער יידישע פליכטלינגע מיט דעם צוועק, אַז זיי זאָלן קענען אויפבויען זייער נייע עקזיסטענץ אין אונדזער לאַנד.

איך ווייס, אַז די אָרגאַניזאַציע פאַר רעהאַביליטירן מענטשן דורך אַרבעט, געשטיצט פון מר. גרין אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן, האָט געהאָלפן מער פון אַ האַלבן מיליאָן יידישע פליכטלינגע אין דער גאַנצער וועלט צו ווערן זעלבסטשטענדיק דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אַ נייעם פאַך.

דאָס געוויסן פון אונדזער פאָלק באַגריסט די אַרבעט פונעם „אָרט" ביי אונדז דאָ און אין אַנדערע לענדער. מיר זיינען שטאָלץ דערמיט, וואָס מענער און פרויען וואָס האָבן ווי וויליאַם גרין געהאָלפן די טראַגישע קרבנות פון טאָטאַליטאַרן טעראָר און ברוטאַליטעט ווידער צו געפינען זייער ווירדע טוענדיק אַ נוצלעכע אַרבעט.

אַ דאַנק דעם דאָזיקן גרויסאַרטיקן פראָגראַם העלפן אַרבעטער־פירערס און הומאַניסטן נישט נאָר יחידים, אַז זיי זאָלן קענען אָנגיין מיט זייערע נייע אויפגאַבן, נאָר אַ דאַנק זיי ווערט געשאַפן אַווירקלעכע מעגלעכקייט צו בויען אַ בעסערע וועלט. איך וויל דעריבער אויסדריקן מיין אנער־קענונג מר. גרין פאַר זיין ביישטייער צו דעם פראָגראַם. איך וויל אויך אויס־דריקן מיין האָפענונג דעם „אָרט", אַז אַ דאַנק זיין אַרבעט וועט גרינגער ווערן צו קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם און צו דערוועקן אומעטום ביי מענטשן דאָס באַוואוסטזיין, אַז די רעהאַביליטאַציע פון דער וועלט איז אַ געמיינשאַפט־לעכע פאַראַנטוואָרטונג.

אייער אויפריכטיקער

האַרי טרומאַן

מר. אַדאָלף העלד
פאָרזיצנדער
„אָרט" אַרבעטער־קאָמיטעט
212 פינפטע אוועניו
ניו־יאָרק 10, נ. י.

---

**דאָס איז די איבערזעצונג פון האַרי טרומאַנ׳ס בריוו צו אַדאָלף העלד.**

# יידנטום און קריסטנטום

עס איז שווער צו זאָגן, ווען מען געהערט דער כבוד פאַר מאַכן אַקטועל דאָס פּראָבלעם פון יידישקייט, דאָס פּראָבלעם פון די באַציאונגען צווישן ייד און קריסט און דערמיט אויך דאָס פּראָבלעם פון טאָלעראַנץ. אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּילט דערביי און שפּילט נאָך ווייטער די דעבאַטע אין ישראל אַרום דער קינסטלעך־צוגעשפּיצטער פראַגע, ווער איז אַ ייד, וואָס איז אַזוינס יידישקייט, וואָס מעג מען און וואָס טאָר מען נישט לויט דעם יידישן דת. די דעבאַטע האָט דערפירט צו דער פראַגע וועגן אָפּ־טיילן מלוכה פון דת — עס איז אין דער אמתן דער אָנהויב פון אַ קולטור־קאַמף אין אַ שאַרפער פאָרם. נעמענדיק אין באַטראַכט דעם בלאָק פון די פרומע מיט די פרומסטע און זייער פאַנאַטיזם אינעם קאַמף פאַר צוריקקערן זיך צו דעם דת פון עטלעכע טויזנט יאָר צוריק, מעג מען דערוואַרטן גרויסע און שאַרפע קאָנפליקטן.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם אייגנטלעך אומפאַרשטענד־לעכן אינטערעס פאַר דעם פּראָבלעם וועגן ייד און יידישקייט גראָד דעמאָלט, ווען עס איז אַנטשטאַנען אַ יידישע מדינה און אַ נייער צענטער פאַר אַ וויכטיקער אַנטוויקלונג פון יידישער קולטור, פון אַ מאָדערנער און פּראָגרעסיווער קולטור, איז אַ געוויסע באַוועגונג געקומען צווישן די קריסטן פאַר מער טאָלע־ראַנץ אין זייער באַציאונג צו יידן בכלל. אַפילו די פראַגע וועגן דער "שולד" פון יידן אין דעם פאַרמשפּטן און קרייציקן יעזוס קריסטוס איז געוואָרן אַקטואַליזירט. מען האָט גענומען רעדן פּראָ און קאָנטראַ וועגן דעם פּראָצעס, וואָס איז געפירט געוואָרן

מיט טויזנטער יאָרן צוריק און דערביי אַפילו נישט דערמאנט אַזעלכע פאַרברעכערישע באַוועגונגען, אַזעלכע אוממענטשלעכע אויפטועז, ווי ס׳זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין דער צייט פון די קרייץ־צוגן און בשעת דעם משוגעת פון דער אינקוויזיציע. די גרויסע הומאַניסטן אין דער קאַטוילישער קירכע, וואָס האָבן באַ־שלאָסן, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען מען דאַרף באַפרייען דאָס יידנטום פון דער שולד אין קרייציקן יעזוס קריסטוס, האָבן נישט געהאַט קיין מוט אָנקלאָגן די קירכע און די קירכע־פּאָ־טענטאַטן אין די פאַרברעכנס, וואָס זיי האָבן באַגאַנגען אין פאַר־לויף פון הונדערטער יאָרן. יידן האָבן אַ גרעסערע טענה צו דער אָנפירערשאַפט פון דעם קריסטנטום פאַר דעם אין וואָס זיי האָבן פאַרוואַנדלט דעם גלויבן פון דעם יידישן פרעדיקער פון נאַזאַרעט. אָבער די פראַגע פון זייער שולד איז נישט דערמאנט מיט קיין וואָרט, הגם די יידישע מאַרטיראָלאָגיע באַשטייט נישט פון אויס־געטראַכטע פייניקונגען פון אַ גאַנצן פאָלק...

זייער ווייניק קריסטלעכע דענקער באַרירן די פראַגע. דער קריסטלעכער פילפול אַרום דעם פראָבלעם, וואָס פאַרנעמט זיי, ״גאָט־מענטש״ אָדער ״מענטש־גאָט״?, איז נישט ווערט דאָס פאַפיר, אויף וועלכן דער דיספוט ווערט געפירט. פון די צייטן, ווען רענאַן האָט פאַרזוכט צו עפענען זייערע אויגן און מוחות אויף דעם עיקר־פראָבלעם פון זייער טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע, האָט זיך זייער דענקען נישט גערירט פונעם אָרט. ערשט אונטער דעם דרוק פונעם אַלגעמיינעם מענטשלעכן פראָגרעס און אַלגע־מיינעם פראָצעס פון מענטשלעכער אַנטוויקלונג האָבן זיי דערזען, אין וואָס פאַר אַ געפערלעכן צושטאַנד זיי געפינען זיך און האָבן זיך דערמאָנט אין דער אָנקלאַגע קעגן יידן. און פון דעם דער־מאנען זיך איז דאָך גאָר נישט אַרויסגעקומען. די איניציאַטיווע פונעם פאַפּסטביים לעצטן קאונסיל איז פאַרשריען געוואָרן און זיינע פאָרשלאַגן זיינען אפילו צו אַן אָפּשטימונג נישט געבראַכט געוואָרן.

אין פאַרבינדונג מיט דער יידישער דעבאַטע אין פאַרשידענע קאָמיסיעס פון דעם עקומעניען קאונסיל און שפּעטער אין פאַר־

בינדונג מיט דער רייזע פונעם פּאַפּסט קיין יאָרדאַניע און ישראל איז נישט ווייניק גערעדט געוואָרן וועגן יידנטום און דער קריסט־לעכער קירכע, וועגן שלום, טאָלעראַנץ און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן. האָט מען ביי אונדז נישט איבערגעטריבן בשעת די דאָזיקע אָפּט אַבסטראַקטע שמועסן און אידעען, געבויט הויפּטזעכלעך אויף נישט־וויסן? קען מען בכלל איבערשניידן דעם באַנד פון דער געשיכטע און זאָגן "ברוך הבא" אַזוי ווי עס וואָלט גאָר נישט געווען, גאָר נישט געשען? פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט?

אין די אַלע מיני רייד, אין די אַלע דיספּוטן פּראָ און קאָנטראָ איז דאָ אַ טענדענץ צו פאַרגעסן דעם עיקר: עס קען נישט זיין קיין אויסגלייך צווישן יידנטום און דעם היינטיקן קריסטנטום. דאָס זיינען צוויי אידעאָלאָגיעס הונדערט פּראָצענט קעגנגעזעצטע, צוויי פאַרשידענע אמונות. עס מאַכט נישט אויס, וואָס אין די ערשטע דריי הונדערט יאָר פון רעליגיעזע קאַמפן צווישן די ער־שטע קריסטן איז גאָר קיין קריסטנטום נישט געווען. אָבער דער קערן פונעם קריסטנטום ווי ער איז געוואָרן און איז פאַרבליבן, באַשטייט פון שנאה צום יידנטום. יענע כלומרשט נייע קריסטלעכע אידעען זיינען גענומען פונעם יידנטום, אָבער האָבן זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ זעלבסטשטענדיקער אידעאָלאָגיע, געבויט אויף שנאה צום יידנטום. אין דער יידן־פיינדלעכער אידעאָלאָגיע, האָט זיך אַנטוויקלט די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע קירכע, די קאַ־טוילישע, די פּראָטעסטאַנטישע. יעדע קריסטלעכע קירכע האָט פּאַקטיש געפּרעדיקט אומטאָלעראַנץ, געפּרעדיקט און פּראַקטיצירט אומטאָלעראַנץ. דער שייטערהויפן, אויף וועלכן מען האָט גע־ברענט די אַפּיקורסים, האָט באַלויכטן דעם גאַנצן וועג פונעם קריסטלעכן מיטלאַלטער. נישט די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָ־לוציע, נישט דאָס אָפּטיילן די קירכע פון דער מלוכה און אוודאי נישט דער גיגאַנטישער פּראָגרעס פון דער וויסנשאַפט, האָבן נישט געבראַכט קיין סוף צו דעם אַריינדרינגען פון דער קריסט־לעכער קירכע אין דעם לעבן פון דעם באַפרייטן מענטשן. עס זיינען געשאַפן אפשר נייע פאָרמען פון פרומקייט און רעליגיאָ־

זיטעט, אָבער דער עיקר איז געבליבן דער אייגענער: בלינדער גלויבן, אונטערטעניקע געהאָרכזאַמקייט און גלויבן...

וועגן וואָס זאָל דאָס יידנטום זיך פאַרשטענדיקן מיט דעם קריסטנטום, מיט אַזאַ קריסטנטום? ווי אַזוי זאָל מען זיך פאַר־שטענדיקן מיט אַ קריסטנטום, וואָס זיין גרונד־לערע איז די שנאה צום יידנטום? זאָלן דאָס זיין אידעאָלאָגישע פשרות, אַ מין מאָדוס וויוועגדי, אַ קעגנזייטיקע טאָלעראַנץ נאָך טויזנטער יאָרן פון קעגנזייטיקער פיינדשאַפט?

דאָס צו פרעדיקן הייסט צו פאַרזוכן איינשלעפערן זיך מיט אילוזיעס, פאַר וועלכע עס איז נישטאָ קיין שום גרונד. אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן האָט מען פאַרהאַנדלט מיט פראָ־טעסטאַנטישע יידן־פריינדלעכע בישאָפן וועגן צונעמען פון די שול־ביכער פון רעליגיע פסוקים פון טענדענציעזער געשיכטע פון דער קרייציקונג, וואָס זייער צוועק איז נאָר העצע קעגן יידן. עס איז אוממעגלעך, אַז קינדער, וועלכע באַנוצן זיך מיט אַזעלכע ביכער אין דער שולע, זאָלן אויסוואַקסן אָן לײדנשאַפטלעכע האָס־געפילן צו יידן. די אַלע פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרנישט.

ערשט נישט לאַנג, קורץ פאַר זיין טויט, האָט דער אַלטער פאַפּסט, דזשאָן דער 23־טער, הערנדיק אין דער סט. פּעטער־קירכע אַ גאָטעס־דינסט, אָפּגעשטעלט דעם גלח אינמיטן פון אַ תפילה, ווייל יענער האָט געזאָגט די געמיינע אַנטיסעמיטישע פסוקים, וועלכע דער פאַפּסט האָט באַפוילן אויסמעקן. דער גלח איז געווען זיכער, אַז דער אַלטער פאַפּסט הערט זיך נישט צו צו די תפילות, און באַשלאָסן, אַז ער מעג נאָך אַמאָל געניסן פון דעם זיסן סם. צי די יידן זיינען שולדיק אָדער נישט־שולדיק אין דער קרייציקונג פון יעזוס קריסטוס איז נישט וויכטיק. וויכטיק איז נאָר דאָס, וואָס דער האַס צום יידנטום איז אַזוי לאַנג גע־פרעדיקט געוואָרן און אַזוי שטאַרק און טיף אַריין אין בלוט פון די מענטשן, אַז איצט קען שוין קיין מיטל נישט העלפן, כדי מען זאָל זיך באַפרייען פונעם סם.

דער אַלטער פאַפּסט, אַ זון פון פויערים, אַ פאָלקסמענטש,

איז נישט געווען קיין טעאָלאָג פון גרויסן פאַרנעם. ער איז נאָר געווען אַ מענטש, נישט מער אָבער אויך נישט ווייניקער, ס׳הייסט אַ מענטש מיט אַ וואַרימען און סענסיטיוון געוויסן. האָט ער אָפּ־געשטעלט דעם גלח אינמיטן זיין זאָגן די תפילות...

די דאָזיקע רייד דאָ וועגן געפערלעכע אילוזיעס דאַרפן נישט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ רוף צו אַגרעסיע. פאַלשע אילוזיעס זיינען געפערלעך, זיי זיינען שטענדיק פאַרפירעריש. און געפער־לעך פאַרביידע צדדים, פאַר דעם וואָס נאַרט און פאַר דעם וואָס לאָזט זיך פאַרנאַרן. פריער אָדער שפעטער מוז קומען דער צוזאַ־מענברוך און שווערע קאָנסעקווענצן. אָנשטאָט צו ברענגען אַ פאַרבעסערונג, ברענגט עס אַ פילפאַכע פאַרערגערונג...

די קריסטלעכע קירכע דאַרף מען נישט בעטן, אַז זי זאָל אַרויסווייזן אונדז טאָלעראַנץ. זי נויטיקט זיך אַליין אין טאָלע־ראַנץ מצד אירע קעגנער, וועלכע אַטאַקירן זי אין פראָנט, גראָבן זי אונטער, דיסקרעדיטירן זי ווי און וואו זיי קענען נאָר. נישקשה, די צאָל פון די גלויביקע איז נאָך דערווייל גרעסער ווי די צאָל פון אומגלויביקע. די גרויסע פאָלקסמאַסן דאַרפן נאָך האָבן דעם ״אָפּיום״, אויב מיר זאָלן באַנוצן די שפּראַך פון די קאָמוניסטן. אָבער די פאַטערס פון דער קירכע ווילן פאַרזיכערן די צוקונפט. זיינען זיי געוואָרן לאָיאַל צו יעדן פּאָליטישן רעזשים, וואו זיי געפינען זיך. זיי זיינען גרייט אַפילו צו פּרעדיקן טאָלעראַנץ — דאָרט וואו עס פּאַסט זיי.

טאָלעראַנץ איז היינט אַ פּאָליטישע קאַטעגאָריע, נישט קיין רעליגיעזע, טאָלעראַנץ איז אָפּהענגיק פונעם פּאָליטישן רעזשים. טאָלעראַנץ קענען מיר פאַרלאַנגען, ווייל דאָס געהערט צו די בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט. אַפילו רעליגיעזע טאָלעראַנץ איז היינט צו טאָג אַ פּאָליטישע פּריווילעגיע, ווי מיר זעען דאָס אין סאָוועט־רוסלאַנד. עס איז נישט קיין ענין פון פאַרהאַנדלונגען, עס געהערט צו די פּראָבלעמען פון קאַמף פאַר פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט.

קיין ״אויסגלייך״ מיטן קריסטנטום קען נישט זיין ביים

יידנטום. עס איז נישט קיין פראַגע פון נאָכגעבן פון וועלכן עס איז צד. עס איז נישט קיין פראַגע פון פשרות. דאָס זיינען צוויי אידעאָלאָגיעס, צוויי וועלטן...

***

אָן אַ שיער שריפטן זיינען דערשינען די לעצטע יאָרן, גע־ווידמעט דעם פּראָבלעם פון די באַציאונגען צווישן יידנטום און קריסטנטום, אין אַ גרויסער מאָס געווידמעט דער פראַגע, צי יידן זיינען שולדיק אין דער קרייציקונג פון יעזוס. נאַטירלעך איז דאָס גערעטעניש פון דעם סאָרט ליטעראַטור סטימולירט הויפּטזאַכלעך צוליב דעם, וואָס דער וואַטיקאַן האָט אַוועקגע־שטעלט די שולד־פראַגע אָפן און קלאָר. עס איז אינטערעסאַנט אָנצווייזן ספּעציעל אויף אַ קליין ווערק, וואָס איז דערשינען אין 1962 אין ניו־יאָרק, אונטער דעם נאָמען: The Death of Jesus אויף ענגליש און אין פּאַריז אין אַ פראַנצויזישער איבערזעצונג, אין 1964, אונטער דעם נאָמען: La Mort de Jésus דער מחבר, יאָעל קאַרמײַקעל, אַ געבוירענער אין ניו־יאָרק, אַן אָריענטאַליסט, וואָס האָט שטודירט אין אָקספאָרד, ענגלאַנד, און אין דער סאָר־באָן, פראַנקרייך, האָט געווידמעט 265 זייטן דער פראַגע וועגן דעם פּראָצעס פון יעזוס, דער קרייציקונג, דער גרינדונג פון קריס־טנטום, די עוואַנגעליעס און דער גאַנצער מיסטעריע פון דעם ווי די ניי ערעליגיע האָט זיך אַנטוויקלט און פאַרכאַפּט אַכט הונ־דערט מיליאָנען מענטשן.

דאָס פאַרהעלטניסמעסיק קורצע ווערק איז אינטערעסאַנט ס׳רוב דערמיט, וואָס דער מחבר פאַרזוכט צו געפינען דעם עיקר פון דער קריסטלעכער רעלגייע אין די עוואַנגעליעס און קען קיין מאָל גאָר נישט אויסגעפינען צוליב די אומענדלעכע ווידערשפּרוכן, אומקלאָרקייטן און דאָס באַרופן זיך אויף זאָגעכצן און ווערטער, וואָס זאָגן גאָרנישט, ווייל זיי מיינען גאָרנישט.

דער מחבר פון דער שריפט ״דער טויט פון יעזוס״ זוכט פריער פון אַלץ די פּערזענלעכקייט פון דעם פאַרמשפּטן, וועלכע

ס'איז אָנדייטונגען אויף דער פּערזאָן פון יעזוס, אויף דעם מענטש, וואָס האָט געהאַט, ווי עס ווייזט אויס, אַ געוואַלדיקן דערפאָלג אַלס מוסר־זאָגער און פּרעדיקער. יעדעס מאָל שטויסטזיך אָן דער פאָרשער אויף דעם פאַקט, אַז עס איז נישטאָ קיין שום דאָ־קומענטאַציע, נישט קיין דירעקטע און נישט קיין אומדירעקטע, קיין שום מער אָדער ווייניקער קלאָרע אָדער אפילו אומקלאָרע אָנדייטונגען וועגן דעם מאַן, וועלכן מען האָט הונדערטער יאָרן שפּעטער אויסגערופן פאַר משיח.

דאָס איז אייגנטלעך דער הויפּט־סך־הכל פון דער אינטערע־סאַנטער שריפט: דער גאַנצער ענין, נישט נאָר דער משפּט און די קרייציקונג, נישט נאָר די באַוועגונג אַרום יעזוס קריסטוס בשעת ער האָט געלעבט, נאָר אויך הונדערטער יאָרן נאָך זיין טויט, איז אַ מיסטעריע...

אַ מיסטעריע איז עס געווען און אַ מיסטעריע איז עס גע־בליבן...

# אַנטיסעמיטיזם און אַסימילאַציע

דאָס זיינען צוויי געשפּענסטער, וואָס פּאַרפּאָלגן אונדז. איינס איז אַ רעאַלע געפאַר, דאָס צווייטע איז אַ פּראָדוקט פון אַ קראַנקן געמיט, אַ מיטל פאַר ספּעקולאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, פאַר קינסט־לעך אַרויסרופן פּאַניק...

אַנטיסעמיטיזם איז נישט קיין עקסקלוזיווע פּריווילעגיע אינעם קאַמף קעגן יידן מצד אַלערליי יידן־פיינדלעכע עלעמענטן. דער האַס פון די ווייסע קעגן די פאַרביקע אין דרום־אַפריקע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן; דער קעגנזייטיקער ווידערווילן ביי פראַנצויזן און דייטשן; די פיינדשאַפט ביי די אירלענדער קעגן די ענגלענדער; דער שטענדיקער אַנטאַגאָניזם צווישן פּאָלאַקן און דייטשן — דאָס זיינען רעאַליטעטן, וואָס האָבן געפירט צו באַוואָפנטע קאָנפליקטן און מלחמות. די טערקן און די קורדן האָבן אויסגעהרגעט מיליאָנען אַרמעניער. נישט נאָר יידן האָבן שרעקלעך געליטן פון פרעמדער שנאה. אַלץ וואָס איז סטימולירט געוואָרן פון פּאַן־סלאַוויזם, פּאַן־גערמאַניזם און פּאַן־אַראַביזם איז געווען און איז פאַרבליבן אַ מאָרד־מיטל אינעם קאַמף צווישן פעל־קער צוליב אַ קראַנקהאַפטן סופּער־נאַציאָנאַליזם. דאָס אַלץ איז אַ סכנה פאַר מענטשלעכן פּראָגרעס און פאַר פּערמאַנענטן שלום אויף דער וועלט. ווי געזאָגט: ס'איז נישט נאָר ביי יידן...

אַסימילאַציע איז גאָר אַן אַנדער פּראָצעס. אַסימילאַציע קען זיין אַ ברכה פאַר פעלקער, אויב זי ווערט נישט אויפגעצוואונגען מיט געוואַלט און אויב איר צוועק איז נישט דאָס פאַרניכטן דעם

שוואַכערן מין. אַסימילאַציע איז אַ גליק, אויב עס האַנדלט זיך וועגן קעגנזייטיקן קולטור־איינפלוס, ווען איינזאַפּן פרעמדע קול־טורן און פאַרדייען זיי, ד. ה. אַסימילירן זיי און לעבן ווייטער אַלס זעלבסטשטענדיקע קולטור־איינצלהייטן. לענדער, ווי פראַנק־רייך, איטאַליע, בעלגיע, באַשטייען פון פאַרשידענע קולטור־איינהייטן, וועלכע אַסימילירן זיך קעגנזייטיק — אָן צוואַנג. די שאָטלענדער און די וועלשער אין ענגלאַנד זיינען שפּראַכלעך פאַרשידן, פאַרשידן אין זייער מענטאַליטעט און געמיט און אין זייער גאַנצן לעבנס־שטייגער. זיי האָבן נישט קיין מורא פאַר אַסי־מילאַציע, ווייל זייער קעגנזייטיקער איינפלוס איז אַ נאַטירלעכער פּראָצעס.

מיר זיינען שטענדיק און אומעטום געווען אַ נאַציאָנאַלע מינ־דערהייט. מיר האָבן געליטן פון אַנטיסעמיטיזם און מורא געהאַט פאַר אַסימילאַציע, אָבער באַצאָלנדיק מיט שווערע קרבנות אין דער פאַרטיידיקונג קעגן דעם מערדערלעכן אַנטיסעמיטיזם, האָבן מיר געקענט שטעלן אַ ווידערשטאַנד ביידע געשפּענסטער. דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע האָט אונדז געראַטעוועט פון נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג. מיר האָבן אין זיך איינגעזאַפּט פרעמדע קולטורן, אָבער נישט פאַרלוירן אונדזער אייגענע קולטור, נישט איר אינ־האַלט און נישט איר פאַרב, נישט איר כוח און נישט איר איינ־פלוס.

דאָס ווערט געזאָגט נישט מיט דעם צוועק אַריינצושפּריצן אָפּטימיזם און גלויבן אין אַ גרויסער צוקונפט. מען דאַרף נאָר וועלן באַטראַכטן אונדזער נייעסטע געשיכטע אין רעטראָספּעקטיוו, אין קוקן צוריק און באַטראַכטן אונדזער פאַרגאַנגענהייט, די לעצ־טע הונדערט אָדער הונדערט און פופציק יאָר און פרעגן זיך: וואָס מיר זיינען היינט און וואָס מיר זיינען אַמאָל געווען? ווי צעשפּליטערט און צעשאָטן ווי זאַמד איז דאָס יידנטום געווען בשעת און באַלד נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס פאַר צייטן פון גרויסע סאָציאַלע און פּאָליטישע קריזיסן מיר האָבן געדאַרפט דורכגיין, ווי די מאַסנוואַנדערונג פון יידנטום האָט איבערגעבויט אונדזער פאָלק — און ווי דאָס וועלט־יידנטום

איז היינט אָרגאַניזירט, ווי עס איז צזאַמענגעבויט און פונקציאָנירט ווי אַ נאַציאָנאַלע איינהייט.

דערביי מוז מען געדענקען, אַז אין לעצטן יאָרהונדערט, שוין נאָך דעם ווינער קאָנגרעס פון 1815 און נאָך דער ״הייליקער אַליאַנס״, האָבן געהערשט דריי דעסטרוקטיווע באַוועגונגען, וועל־כע מיר האָבן פריער אָנגערופן: פּאַן־גערמאַניזם, פּאַן־סלאַוויזם און פּאַן־אַראַביזם און אַז נאָך זיי איז געקומען דער דייטשער נאַציזם און דער רוסישער באָלשעוויזם. עס איז אָבער נישט גע־ווען קיין נס מן השמים דאָס קענען זיך האַלטן און אויסהאַלטן בשעת מיליאָנען יידן זיינען געפאַלן און אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי האָפנונגסלאָז. דאָס וועלט־יידנטום איז פאַרט געוואָרן אַ כוח, עס האָט אָנגעזאַמלט כוחות און זיין רוקנביין איז נישט געבראָכן געוואָרן. אויב נאָך די שווערע קאַטאַסטראָפעס האָט געקענט געשאַפן ווערן אַ מדינת ישראל, איז דאָס ווידער אַ באַוויז פון אַ גרויסן כוח, וואָס דאָס פאָלק באַזיצט, כוחות אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון די לעצטע הונדערט אָדער הונדערט און פופציק יאָר.

לאָמיר זיך נישט נאַרן וועגן אונדזערע מעגלעכקייטן עפּעס צו דערגרייכן אין דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, אויב מיר פאַרלאָזן זיך נאָר אויף אונדזערע אייגענע כוחות און ציען נישט אַריין די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס. אַנטי־סעמיטיזם איז ענג פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער רעאַקציע. עס גייט היינט אָן אַ מאָביליזאַציע פון אַלע שוואַרצע כוחות אין אַלע טיילן פון דער וועלט. אַלע מיטלען ווערן באַנוצט, כדי אַרויסצורופן אַן אַלגעמיינע פּאַניק און די קאַמפּאַניע קעגן דעם יידנטום איז אַ גוט מיטל דערצו. די אַראַבישע קאַמפּאַניע קעגן מדינת ישראל איז פּאַקטיש אַ קאַמפּאַניע קעגן דעם גאַנצן יידישן כלל. זייער פאַרמעסט צו פאַרזוכן צו ליקווידירן מדינת ישראל קען צו־נישט געבראַכט ווערן נאָר מיט אַן אַלגעמיינער יידישער מאָביליזאַציע, אָבער נאָר אין פאַרבינדונג מיט גרויסע נישט־יידישע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. עס זיינען נאָך דאָ גע־נוג מיטלען צו פירן אַ דערפאָלגרייכן קאַמף קעגן פּאַן־אַראַביזם,

נעאָ־נאַציזם און אַנדערע רעאַקציאָנערע באַוועגונגען. דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער פאָרום אָדער די פאָרומס דאַרפן באַנוצט ווערן, ווייל דער צוועק פון דער מלחמה קעגן יידן האָט פיל צו טאָן אויך מיט נישט־יידישע דעמאָקראַטישע אינטערעסן.

עס מעג קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז וואָס בעסער דאָס וועלט־יידנטום וועט זיין אָרגאַניזירט, וואָס שטאַרקער עס וועט זיין זיין כוח און זיין איינפלוס, אַלץ גיפטי־קער וועט זיין די אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע און די אַנטי־יידישע העץ־קאַמפּאַניע. אָבער אונדזער קאַמף קעגן דער העצע וועט סוף כל סוף מוזן פירן דערצו, אַז די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט וועט רופן צו אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע קעגן אַנטי־סעמיטיזם.

⁂

פון פּראָפּאַגאַנדע קעגן אַסימילאַציע האָט מען ביי אונדז אָראַפּגענידערט ביז צום קרעכצן און זיפצן צוליב דעם, וואָס יידן איז היינט אין אַ סך לענדער "צו גוט" און דעריבער איז די געפאַר פון אַסימילאַציע פאַר די יידן אין די לענדער זייער גרויס. אַזאַ געדאַנקען־גאַנג קען געבוירן ווערן נאָר אין אַ קראַנקן קאָפּ. נישט פאַרגינען יידן אַ גוט לעבן נאָך די אַלע יאָרן פון פאַרפאָל־גונגען און נגישות, סטימולירן סופּער־נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס מיט דער הילף פון אַ טעראָר, מיט דער הילף פון צוזאָגן אונטער־גאַנג און גהינום — דאָס איז אויך אַ מין פּסיכישע קראַנקהייט. עס איז נישט פּעסימיזם, נאָר דעגראַדאַציע. פאַרלירן דעם גלויבן אין זיין פאָלק און אין זיך אַליין. יידן, וואָס זיי איז "צו־גוט", מוזן פּראָטעסטירן...

# מיט י. ל. פרץ

עס זיינען אַוועק אַ סך יאָרן, כמעט גאַנצע פופציק יאָר, זינט איך האָב געהאַט דעם זכות צו טרעפן אונדזער גרויסן מייס־טער און פאַרברענגען מיט אים אָפט און לאַנג, כמעט ביז צו די לעצטע טעג פון זיין לעבן. נאָר צו קוקן אויף י. ל. פרץ, ווען ער האָט געשוויגן און עפּעס באַטראַכט מיט זיינע גרויסע, שיינע אויגן, איז געווען נישט ווייניקער אינטערעסאַנט, ווי אים צו הערן ריידן.

ס'איז 1914. די רוסישע אימפעריע, דער רעזשים פון סאַמאָ־דערזשאַוויע, די ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, שטייען פאַר דעם גרויסן יום הדין. דער שאָס פון סאַראַיעוואָ, וואו עס איז געפאַלן דער עסטרייכישער אַרכידוק פערדינאַנד, האָט אָפּגעהילכט אין אַלע עקן פון דער וועלט. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן און זיך מיט אַ מאָל צעפלאַקערט. די רוסישע אַרמיי האָט פון אָנהויב אָן געליטן אַ געוואַלדיקע מפּלה אין די מאַזורישע בלאָ־טעס, אין מזרח־פּרייסן, און די רוסישע מלחמה־פירערשאַפט, אונטער דעם גרויס־פירשט ניקאָליי ניקאָלייעוויטש און זיין שטאַב־שעף, דעם פויליש־רוסישן גענעראַל יאַנושקעוויטש, האָט פאַר־לוירן דעם קאָפּ און באַפוילן אַרויסצושיקן די גאַנצע יידישע באַ־פעלקערונג פון די גרענעץ־דיסטריקטן אין פוילן, ליטע און באַלטיקום אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג — אינגאַנצן אַן ערך זעקס הונ־דערט טויזנט נפשות. מען האָט נישט געשאַנעוועט ניט קיין אַלטע לייט, נישט קיין קראַנקע און נישט קיין קינדער. אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט פון דער קריגסזאָנע, האָבן זיך

באַוועגט לאַנגע קאַראַוואַנען, וועגענער מיט צונויפגעקאַרשטשעטע יידן. אַ הונדערט טויזנט אַזעלכע געטריבענע יידן האָבן פאַר־פלייצט פריער פון אַלץ וואַרשע. דער הויף פון דער יידישער געמיינדע אויף גזשיבאָווסקע איז געווען פול מיט וועגענער, איבערגעפּאַקט מיט אָרעמען האָב־און־גוטס, מיט דערשראָקענע, צעטומלטע, פאַרלוירענע יידן.

קינדער זיינען געפאַלן ווי פליגן און מען האָט זיך גענומען אויף גיך שאַפן אַזוי פיל ווי מעגלעך קינדער־היימען. די קאַ־טאַסטראָפע און די פּאַניק זיינען געוואַקסן מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה. ס'איז אונטערגאַנג. היינט ווייסן מיר, אַז דאָס איז געווען אונטערגאַנג...

ביים פענצטער צו דעם הויף זע איך ביז היינט פּרצן, ווי ער קוקט אַרויס פון זיין אַרבעטס־צימער אין דער געמיינדע: ער שטייט שווייגנדיק, די אויגן גרויס, געשפּאַנט, ער רעדט נישט. נישטאָ קיין ווערטער... די געמיינדע איז פול מיט יידן, וואָס זוכן און בעטן הילף, אַן עצה.

ס'איז געווען שווער צו דערקענען וואַרשע, פול מיט רוסישן מיליטער, מיט מיליטערישע טראַנספּאָרטן, מיט פּאַטרולן אויף אַלע גאַסן, וואָס האָבן געזוכט און געכאַפּט פון פּראָנט־אַנטלאָ־פענע סאָלדאַטן און אָפיצירן. די רוסישע מאַכטהאָבערס האָבן געחנפעט די פּאָליאַקן, די פּאָליאַקן האָבן זיך געשמאָלצן פון פרייד, וויסנדיק, אַז אָט־אָט קומט אַ סוף צו דער רוסישער הער־שאַפט.ביידע צדדים האָבן איצט געקענט טאָן מיט יידן אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט. און זיי האָבן עס געטאָן...

יעדער טאָג, ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע פון סאָכאַ־טשעוו, אַן אויסגעליידיקטע פּראָנטשטאָט ביי דער בזורא, בין איך געגאַנגען אין דער גמינע, וואו עס האָט זיך געפונען די אַקטיווע פאַרוואַלטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געפירט די הילפס־אַרבעט פאַר די פּליטים. איז עס נישט געווען קיין וואונדער, וואָס י. ל. פּרץ איז דעמאָלט געווען דערשלאָגן. מיר פלעגן צוזאַמען פאַרלאָזן די געמיינדע, צוזאַמען גיין צו זיין וואוינונג אויף דער יעראָזאָלימסקע אַלעע. ווייט פון דער גמינע,

פון דעם טומל, פון אַ ים מיט אומגליקן, פלעגט ער ביסלעכווייז קומען צו זיך, קוים, קוים קומען צו זיך.

י. ל. פּרץ האָט געוואוסט, אַז מיר זיינען באַקאַנט זיינע זייער אָנגעשטרענגטע באַציאונגען מיט דער שרייבער־משפּחה אין וואַרשע. זיין אַלטער, שאַרפער קאָנפליקט מיט דוד פרישמאַן איז געווען אַן עפנטלעכער און זייער פיינלעכער ענין, אָבער אויך אַ סך ווייניקער וויכטיקע שרייבערס האָבן זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון דעם דאָמינירנדיקן כאַראַקטער פון י. ל. פּרץ. עס איז ביי אים נישט געווען קיין סנאָביזם, עס איז אפשר געווען נאָר אַ געוויסע פאָרעם פון סופּעריאָריטעט־קאָמפּלעקס, וואָס אַנדערע האָבן נישט געוואָלט פאַרטראָגן. דער רעזולטאַט איז געווען אַ קעגנזייטיקע ביטערקייט און ביי פּרצן — איינזאַמקייט, איינזאַמקייט...

סופּעריאָריטי־קאָמפּלעקס ביי דעם גרעסטן שרייבער קען נישט טאָלערירט ווערן פון אַ גרויסער שרייבער־משפּחה און וואַרשע האָט געהאַט צו יענער צייט וויכטיקע יידישע שרייבערס, גוטע זשורנאַליסטן, געבילדעטע פּובליציסטן. דער אייביקער גיפטיקער אַנטיסעמיטיזם אפילו מצד אינטעלעקטועלע פּוילישע קרייזן האָט בכלל קיינעם נישט געלאָזט לעבן אַ רואיקן טאָג. עס איז געווען בכלל שווער צו אָטעמען פריי אין וואַרשע.

איך, אַ רוסישער ייד, בין געווען פאַר י. ל. פּרץ, אַ פּוילישער ייד, ווי אַ מין פרעמדער, אָבער ער, דער גרויסער יידישער שרייבער, איז נישט געווען דער איינציקער צווישן די פּוילישע יידן פון הויכן ראַנג, וואָס זיינען געווען שטאָלץ מיט זייער פּוילישן יחוס. מיר האָבן עס נישט געקענט גוט באַגרייפן, אָבער עס איז אַזוי געווען. איך בין געווען „אַ רוסישער", הגם איך האָב שוין יאָרנלאַנג געהאַט געשריבן פון פּעטערבורג אינעם וואַרשעווער „היינט", בין איך אָבער דאָס מאָל געקומען ווי דער פאַרטרעטער פון רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „נאָווי וואָסכאָר" און לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון דער גרויסער מאָסקווער צייטונג „אוטראָ ראָסיי" און פאַרטרעטער פון דער צייטונג אין דער פּערטער (און לעצטער) דומע. וואַרשעווער זשורנאַליסטישע מנה־

גים און אַמביציעס זיינען פאַר אונדז, פעטערבורגער זשורנאַליסטן, נישט געווען באַקאַנט. אונדזער רעספּעקט צו אַ גרויסן שרייבער האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. ווען איך האָב איין מאָל דערזען פון אונדזער פּרעסע־לאָזשע וולאַדימיר קאָראָלענקאָן און בין גע־גאַנגען אים בעטן צו קומען אין דער פּרעסע־לאָזשע, בין איך געווען אויפן זיבעטן הימל, איך האָב נישט געוואַגט צורירן זיך צו זיין האַנט. דאָס איז נישט געווען קיין סערוויליזם, עס איז נאָר געווען אַ טיפער רעספּעקט. דאָס איז אויך געווען מיין באַצי־אונג צום מחבר פון "חסידיש", פון "מאָניש", פון אַ סך אַנדערע וואונדערלעכע זאַכן. פּרץ איז געווען פאַר מיר דער גרויסער...

י. ל. פּרץ איז געווען אינטים באַפריינדעט מיט ד"ר מינץ, אַ באַקאַנטן ספּעציאַליסט אויף מאָגן־קראַנקהייטן און אַ העברע־אישער שרייבער. די פרוי פון ד"ר מינץ איז געווען אַ געבוירענע גאָלדע, פון דער באַקאַנטער משפּחה פון פּלאָצק, אַ שוועסטער פון אַלעק גאָלדע, וועלכער איז שפּעטער אַוועק קיין סאָוויעט־רוסלאַנד און האָט זיך באַטייליקט אין דער יידישער קאָלאָניזאַ־ציע אין דער קרים. אַלעק גאָלדע איז געווען מיינער אַ חבר אין די יינגערע יאָרן — מיר האָבן ביידע שטודירט אַגראָנאָמיע אין בערלין. אַ שוועסטער פון גאָלדע איז געווען איינע פון די פירנדע פּערזענלעכקייטן אין דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ("פּ. פּ. ס.").

אַ דאַנק ד"ר מינץ בין איך געקומען אין פאַרבינדונג מיט דעם באַקאַנטן ראַדזינער רבין, וועלכער האָט זיך געפונען יעדן טאָג אין דער גמינע און גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער דרינגענדער הילפס־אַרבעט. און אַ דאַנק דעם, וואָס מען האָט מיך געזען צוזאַמען מיטן ראַדזינער רבין, האָב איך געהאַט דעם זכות אויפגענומען צו ווערן פון דעם גערער רבין...

י. ל. פּרץ איז אָנגעגאַנגען אינטענסיוו מיט זיין ליטעראַ־רישער אַרבעט. ער איז געווען פאַרנומען מיט דער איבערזע־צונג פון תנ"ך אויף יידיש. איך געדענק גוט דעם אָוונט, ווען ער האָט געלייענט פאַר אונדז — ד"ר מינץ, זיין פרוי און איך — די שטיקער איבערזעצונג פון קהלת און רות. ער איז גע־

זעסן ביי דעם שרייבטיש, ביי וועלכן ער האָט מיט חדשים שפּע־
טער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. דאָס בילד איז היינט פאַר
מיינע אויגן. י. ל. פּרץ האָט אונדז געזאָגט, אַז די מאַנוסקריפּטן
האָט ער צייטנווייז איבערגעשריבן פופציק־זעכציק מאָל, פּרואווונדיק
צו פיילן און רייניקן די שפּראַך, געפינען אַלץ בעסערע און
שענערע פאָרמען. עס איז געווען אַ זעלטענער גענוס צו הערן
אים לייענען.

פאַר מיר אַלס יונגער שרייבער איז געווען מער ווי אינטע־
רעסאַנט צו באַטראַכטן דעם שווייגנדיקן אָדער דעם לייענענדיקן
זיינע ווערק דיכטער און דענקער: איך האָב געהאַט דעם איינ־
דרוק, אַז כ׳בין אַן עדות פון דעם אינטימסטן פּראָצעס פון שאַפן.
י. ל. פּרץ האָט נישט גערעדט אַ סך. פון אַ סך רעדן איז נישטאָ
קיין גרויסער נוצן. זיין פּנים איז שטענדיק געווען פאַרטראַכט,
שטאַרק קאָנצענטרירט, פאַרטיפט אין זיך. זיין פּנים האָט נישט
געהאַט קיין באָרד און פאות, אָבער אַזעלכע פּנימער און אַזעלכע
אויגן האָב איך געטראָפן צווישן די עלטערע רבנים, וועלכע פלעגן
אָנקומען קיין וואַרשע מיט זייערע אַרויסגעטריבענע געמיינדעס
און פלעגן זיך פאַרזאַמלען פון צייט צו צייט. אַזאַ פּנים, פול
מיט חכמה און וויסן, האָט געהאַט מיין פאָטער, אַ גרויסער למדן,
אַמאָל אַ תלמיד פון דער סלאָנימער ישיבה. אויף צו שילדערן
די פאַרזאַמלטע רבנים האָט מען געדאַרפט האָבן נאָר אַזאַ געניאַלן
קינסטלער ווי רעמבראַנדט.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז צו איינער אַ פאַרזאַמלונג פון די
רבנים איז מיט מיר מיטגעגאַנגען מיין אַלטער פריינד, אָבער
אַ סך עלטער פון מיר, משה ליטוואַקאָוו, דער שפּעטערדיקער
פירער פון דער יעווסעקציע אין מאָסקווע. זיין באַגייסטערונג
האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ, ווען ער האָט באַטראַכט די
פאַרזאַמלטע. איך האָב שפּעטער מער קיין מאָל נישט געטראָפן
משה ליטוואַקאָוו....

אַך, דאָס יידישע וואַרשע פון יענע צייטן! עס פעלן מיר
ווערטער, כדי צו באַצייכענען קורץ די יידישקייט, די יידישע
אַטמאָספערע, דאָס יידישע אָטעמען אין דער הויפּטשטאָט פון

יידיש פוילן. איך פלעג אָפּט און מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן שטענדיק פאָרן קיין וואַרשע. דאָ האָב איך זיך געפילט אין די צווויי יידישע הייזער, ביי ד״ר מינץ און ביי נחום סאָקאָלאָוו, וואו די וואונדערלעכע פרוי סאָקאָלאָוו איז פאַר מיר געווען ווי אַ מאַמע, פולשטענדיק ווי ביי זיך אין דער היים. דאָ האָט גע־הערשט יידישקייט, באַהויכט אויך אין אַ הויכער מאָס מיט אַל־טער פוילישער קולטור, מיט אַלטן פוילישן יחוס. דאָס איז אויך אפשר געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דעם גאַנצן גייסטיקן וועזן פון י. ל. פרץ, אין זיין פערזענלעכקייט און אין זיין שאַפן, אין זיין סטיל פון שרייבן, אין דעם אופן פון זיין דענקען. דאָס איז שטענדיק דער וויכטיקער סך־הכל פון באַהעפטן זיך און פון איינזאַפּן אין זיך די עסענץ פון אַ פרעמדער קולטור.

אויף כלאָדנע אַכט, אין דער רעדאַקציע פון ״היינט״, איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. דאָ, וואו דוד פרישמאַן איז געווען מיט רעכט דער גרויסער וואָרטזאָגער, האָב איך מיט מיינע אויגן געזען, וואָס מען פלעגט אָפּטאָן מיט די מאַנוסקריפּטן פון י. ל. פרץ: דריי־פערטל פלעגט מען אַרויסוואַרפן אין פּאַפּיר־קאָרב, אַ שטיקל פלעגט זיך דרוקן ״אין מיין ווינקעלע״...

יאָ, דאָס איז געווען נישט מער ווי ״אַ ווינקעלע״. עס זיינען געווען אַנדערע מענטשן, אַנדערע מנהגים, אַנדערע ליטע־ראַרישע טראַדיציעס: ד״ר גאָטליב, א. גאָלדבערג, איינהאָרן (נישט ד. איינהאָרן), שלום אַש, אָבער מער פון אַלעמען ש. יאַצקאַן — דאָס זיינען געווען יידן־שרייבערס און יידן־טוערס, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט צופּאַסן צו אַזאַ אינדיווידועלער פערזענ־לעכקייט ווי י. ל. פרץ. יעדער פון זיי האָט געטאָן גרויסע און וויכטיקע אַרבעט, יעדער פון זיי האָט שטאַרק סטימולירט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געקענט גיין צוזאַמען מיט דעם גדול פון זאַמאָשטש...

אין פרייטאָג־צו־נאַכטס האָט פרץ מיך פאַרבעטן צו גיין מיט אים באַזוכן אַ נאָענטן פריינד. דאָס איז געווען דער פאָטער פון דעם זייער באַקאַנטן פויליש־יידישן שרייבער אשכנזי. איך האָב ערשט פאַרענדיקט דעמאָלט לייענען זיין גרויס ווערק, אַ ביאָ־

גראַפיע פון יוזעף פּאָניאַטאָווסקי, איינעם פון נאַפּאָלעאָנס באַ־ליבטע מאַרשאַלן, געפאַלן אין דער שלאַכט ביי לייפּציג. אשכנזי איז געווען אַ גרויסער קענער פון דער פּוילישער העראַלדיק, האָט אָפּט פּאַרטראָטן שפּעטער פּוילן אין דעם פעלקער־בונד.

דאָס הויז פון דעם אָנגעזעענעם ייד, אויסמעבלירט מיט שווערע, באַקוועמע שראַנקען, טישן, בופעטן, שטולן, האָט אויס־געזען ווי אַ היים פון אַן אַלט־פּוילישן פּריץ, אָבער עס איז געווען יידיש, עס איז געווען פּויליש־יידיש. עס איז געווען פּויליש־יידישע אַטמאָספערע. עס איז געווען די לופט פון אָפּאַטאָשוס "פּוילישע וועלדער" און "אַליין". י. ל. פּרץ האָט זיך דאָ געפילט באַקוועם, וואַרעם, אין דער היים.

מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך אין די זאַלן פון דעם אוניווערסיטעט אין פּאַדואַ, איטאַליע, דערזען דאָס בילד פון גראַף זאַמאָיסקי, דעם בויער פון דער פרייער פּוילישער שטאָט זאַמאָשטש. זאַמאָיסקי האָט געוואָלט האָבן אַ פּוילישע שטאָט און אַן אוניווערסיטעט אָן דעם פּוילישן קלער, דעם סם פון מיטל־אַלטער. אין דער נייער שטאָט האָבן זיך אויך באַזעצט יידן אָן דעם יידישן קלער. זאַמאָשטש האָט אויך נישט געהאַט קיין חסי־דים, קיין זכר פון חסידים. אפשר פון דעם האָט זיך גענומען דער אינטערעס ביי י. ל. פּרץ צו חסידיזם און צו די אידעאַ־ליסטישע חסידישע מעשהלעך....

איך פלעג אַוועקפאָרן יעדע עטלעכע טעג צו דעם פּראָגט. דער נאָמען פון דעם אַלטן יידישן שטעדטל סאָכאַטשעוו זאָגט גאָרנישט די, וואָס זיינען נישט באַהאַוונט אין דער געשיכטע פון די יידיש־פּוילישע ישובים. עס איז געווען אַן אַלטער ישוב, מיט באַקאַנטע לומדים און רבנים. ווען די דייטשע אַרמיי האָט אַלץ שטאַרקער אַטאַקירט און דער רוסישער פּראָנט האָט זיך אַלץ ווייטער געמוזט צוריקציען אין דער ריכטונג פון וואַרשע, האָט מען עוואַקואירט די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער שטאָדט. עס האָבן זיך דערביי אָפּגעשפּילט דראַמעס, וואָס לאָזן זיך נישט באַשרייבן. יידן זיינען געווען גרייט אומגעבראַכט צו ווערן, איי־דער צו פאַרלאָזן זייערע היימען. אין דער וואַרשעווער גמינע

האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף דעם יונגן סאָכאַטשעווער רב — אַ ייִד מיט אַ פּעך־שוואַרצער געקרייזלטער באָרד, מיט אויפגע־רעגטע פייער־שפּריצנדע אויגן, אַ קערפּער אויסגעבויגן ווי אַ גרויסער פראַגע־צייכן. עס איז געווען עפּעס איבער־ערדישעס אין דער שרעקלעכער פיגור...

אויפן פּראָנט ביי סאָכאַטשעוו פלעגט מען ברענגען יעדן טאָג אַ פּאָר טויזנט פאַרוואונדעטע פונעם שלאַכטפעלד. אינעם פעלד־האָספּיטאַל, איינגעריכטעט אויף דער פריערדיקער אייזנבאַן־סטאַנציע האָבן דאָקטוירים געמאַכט אָפּעראַציעס טאָג און נאַכט. אַלץ איז געווען איינגעטונקען אין בלוט. וואָס האָב איך געקענט דערציילן י. ל. פּרצן, וועלכער איז געווען אינגאַנצן דערשלאָגן ?...

מיר זיינען געגאַנגען אַ טאָג פון דער געמיינדע און אַרום־געריידט די פאַרשידענע מערקווירדיקע געשטאַלטן, וואָס מיר האָבן געזען אין פאַרלויף פון טאָג. עס רעדט זיך נאָר אַזוי: "מערקווירדיקע געשטאַלטן" ! אַ פּאַניק האָט געהערשט. אַן אַל־טער גרויסער ישוב האָט שוין דעמאָלט דערפילט, אַז עס קומט דער סוף. היינט די רוסן, מאָרגן די פּאָליאַקן, איבערמאָרגן די דייטשן. יידן האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, געזוכט אַן אויס־וועג — און קיין אויסוועג איז שוין דעמאָלט נישט געווען. וועגן דעם האָבן גערעדט די אויגן פון פּרצן.

מיר זיינען צוגעקומען צו דער אַלטער ווינער אייזנבאַן־סטאַנציע און געבליבן ווי פאַרגליווערט : פון אַלע טירן פון באַנהויף האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ געדיכטע מאַסע פון יידן, אָנגעלאָדן מיט פּעק. ווי אַ שוואַרצע כמאַרע האָט דער פּלאַץ אויסגעזען. פּלוצלינג האָט פּרץ אַ קרעכץ געטאָן און נישט גע־קענט ווייטער גיין. אַ ספּאַזמע אין פוס האָט אים אַ כאַפּ געטאָן. מיט גרויסע שוועריקייטן האָבן מיר געקענט קוים אים העלפן צוצוקומען צו זיין הויז. דאָס איז געווען דער ערשטער פּאַטאַלער דונער...

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך געפאָרן אַהיים קיין פּעטער־בורג. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז י. ל. פּרץ געשטאָרבן ביי זיין שרייבטיש...

# פאַנטאָן פון יידישער ליטעראַטור

אויף אַ גאַנץ קינסטלעכן אופן, אָן אַ ספּעציעלער סיבה, אַזוי ווי מען וואָלט זיך פּלוצלונג און אומדערוואַרטעט געפינען אין אַ צושטאַנד פון אַ שרעקלעכער סכנה, איז אונדז אויפגעצוואונגען געוואָרן אַ דיסקוסיע וועגן יידיש: האַלט יידיש אויס די קאָנקור־רענץ מיט העברעאיש אָדער עס האַלט גאָר ביים אונטערגיין? איז יידיש "אַ פרעמדע שפּראַך" אָדער, ווי פרעמד זי זאָל נישט זיין, איז זי פאָרט היינט צו טאָג די לעבעדיקע שפּראַך פון מי־ליאָנען יידן בשעת אויסערהאַלב ישראל איז העברעאיש "אַ טויטע שפּראַך", נישט קוקנדיק אויף אַלע אָנשטרענגונגען?

די דיסקוסיע, וועלכע איז אונדז אויפגעצוואונגען, נעמט נישט אין באַטראַכט געוויסע פאַקטן, וועלכע נויטיקן זיך נישט אין קיין שום דערקלערונגען, פאַקטן, וועלכע זיינען טיילמאָל אפשר נישט זייער גינסטיק אויף פאַר דער קולטור פון יידיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך, אָבער אַפילו אין דעם ערגסטן פאַל האָבן זיי קיין שום שייכות נישט צו העברעאיש.

דאָס וויכטיקסטע איז וואָס יידיש ווערט היינט גערעדט פון מיליאָנען יידן: אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, אין אַרגענטינע, אין בראַזיל און מעקסיקאָ, אין דרום־אַפריקע. מיר האָבן נישט קיין גענויע ציפערן וועגן יידיש־רעדנדע, חוץ סאָוויעט־רוסלאַנד, וואו אַ האַלבער מיליאָן יידן האָבן אָנגעגעבן בשעת דער לעצטער פאָלקס־ציילונג יידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך. איז דאָס אַלץ נישט קיין פאַקט? קען מען דאָס אַלץ אָפּלייקענען? די, וואָס וואָלטן געהאַלטן פאַר רעכט, אַז אַלע יידן, וואָס רעדן היינט יידיש

זאָלן אָנהויבן איבערמאָרגן רעדן העברעאיש, מעגן האָבן אַ טענה צום רבונו של עולם, אָבער היינט צו טאָג קען דער פאַקט נישט געענדערט ווערן. קיין שום לעכערלעכער אַרגומענט און קיין שום בייזוויליקער עלעמענט אין דער דיסקוסיע קען נישט ענדערן די צוגעבונדנקייט פונעם פאָלק צו יידיש. ניין, העברעאיש איז נישט קיין סכנה פאַר יידיש. עס וועט אפשר קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז די אומגעלומפּערטע מיליטאַנטישע פּראָ־פּאַגאַנדע פאַר העברעאיש און קעגן יידיש, וועט נאָר פירן צום אָפּלענקען דאָס ביסל העברעאיש, וואָס מען האָט קוים קוים איינ־געשפּריצט יידן, — אויסערהאַלב מדינת ישראל, — און וואָס קען זיך נישט האַלטן מיט אייגענע מיטלען. מיר באַרירן דאָ נישט די פראַגע פון העברעאיש אין מדינת ישראל, וואו דריי־פערטל פון דער ישראל־באַפעלקערונג זיינען היינט ספרדים און אָריענטאַלישע יידן, און זיינען דעריבער הונדערט־פּראָצענטיקע העברעער. זיי וועלן אויך מיט דער צייט איבערנעמען די גאַנצע ממשלה אינעם לאַנד.

יידיש האָט אַ געפערלעכן, אָבער נאַטירלעכן קאָנקורענט אין די שפּראַכן פון פאַרשידענע לענדער, וואו יידן לעבן און וואו יידן וועלן פאַרבלייבן אויף שטענדיק. עס איז אומפאַרמיידלעך, אַז די נייע דורות פון יידן אין פראַנקרייך וועלן זיך אויסלעבן הויפּטזעכלעך אין פראַנצויזיש; יידן אין ענגלאַנד, אַמעריקע און אַנדערע עשנגליש־רעדנדע לענדער — אין ענגליש; אין די סלאַ־ווישע לענדער — אין די סלאַווישע שפּראַכן. עס איז אַ סכנה פאַר יידיש, אָבער נישט פאַר יידישקייט. עס איז אַ גרויסע סכנה פאַר דער יידישער אומגאַנגס־שפּראַך ביי די קומענדע דורות, אָבער עס איז קיין סכנה פאַר דער יידישער ליטעראַטור — יידישע לי־טעראַטור אין פרעמדע שפּראַכן. מען האָט ביי אונדז צו לאַנג איגנאָרירט די דאָזיקע ליטעראַטור און אירע שעפער. מען איז ביי אונדז פאַרכאַפּט געוועזן, און געבליבן פאַרכאַפּט, פון מענדעלע, פון שלום עליכם און י. ל. פרץ, שלום אַש, זלמן שניאור און אָפּאַטאָשו, נאָמבערג און לייוויק, נאָך אַ צנעדליק אָדער עטלעכע

צענדליק נאָוועליסטן און דיכטער האָבן באַרייכערט די נייע יידי־שע ליטעראַטור. קיין שום פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר העברע־איש וועט נישט קענען אונטערגראָבן דעם דאָזיקן יסוד פאַר אַ ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער יונגער, מאָדערנער לעבעדיקער יידישער ליטעראַטור. אָבער אין דער אייגענער צייט איז אויסגע־וואַקסן און האַלט אין ווייטערן וואַקסן אַ נייע ליטעראַטור, אַ ליטע־ראַטור אין פרעמדע שפּראַכן. ווער קען לייקענען, אַז ישראל זאַנגוויל איז געווען אַ וויכטיקער יידישער דיכטער — אין ענגליש. ווער קען צווייפלען אין דעם, אַז ש. אַנס־קי, דער מחבר פונעם ״דיבוק״, וועלכן חיים נחמן ביאַליק האָט איבערגעזעצט פון רוסיש אויף העברעאיש, איז געווען אַ יידישער שרייבער. איז ש. פרוג, וועלכער האָט געשריבן רוסיש, נישט געווען קיין יידישער שריי־בער? איז סעמיאָן יוטקעוויטש, דער גלענצנדער יידיש־רוסישער נאָוועליסט, נישט געווען אַ יידישער שרייבער?

אָסקאַר לעווערטין אין שוועדן, מאיר גאָלדשמידט און הענרי נאַטאַנסען אין דענעמאַרק, לואיסאָן אין אַמעריקע, עמיל פראַנצאָז, סטעפאַן צווייג, וואַסערמאַן, עדמאָנד פלעג און הונדערט אַנדערע, וואָס באַרייכערן פרעמדע ליטעראַטורן מיט זייערע שאַפונגען, וואָס זייער ליטעראַרישער ווערן איז דורך און דורך יידיש — געהערן זיי נישט צו דעם פאַנטעאָן פון דער יידישער ליטעראַטור?...

אַ גאַנץ קורצע צייט פאַר זיין טויט האָט אונדזער גרויסער דיכטער חיים נחמן ביאַליק געהאַלטן אַ גרויסן פאָרטראַג אין אַנט־ווערפּן וועגן יידיש און העברעאיש. עס זיינען געווען אַ פאָר טויזנט יידן ביים פאָרטראַג, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ פראַכטפולן, זאַפטיקן און געשמאַקן יידיש. איך האָב דעמאָלט רעדאַגירט אַ טעגלעכע יידישע צייטונג אין בעלגיע און צום אָנקומען פון אַזאַ וויכטיקן גאַסט האָב איך אַרויסגעגעבן אַ פאַרגרעסערטן נומער פון דער צייטונג מיט ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם דיכטער, אויך מיט אַ ביילאַגע אויף פראַנצויזיש. עס איז געווען אַ יום־טוב.

איך פלעג אַמאָל הערן ביאַליק בשעת זייער היציקע דעבאַטן אין פּעטערסבורג אויף גרויסע צוזאַמענפאָרן פון דער ״מפיצי

השכלה״, וואו ער פלעגט רעדן וועגן יידישע דערציאונג. דאָ אָבער, אין בעלגיע, האָט ער געהאַט אַ ספּעציעלע טעמע: יידיש וועט אונטערגיין, אַזוי ווי עס זיינען אונטערגעגאַנגען די 70 לשו־נות, וועלכע יידן האָבן באַנוצט אויף זייער לאַנגן גלות־וועג, אָבער העברעאיש וועט בלייבן...

איך האָב אָפּגעדרוקט זייער אַ לאַנגן באַריכט וועגן דעם אינ־טערעסאַנטן פאָרטראַג, פול מיט גייסטרייכן אינהאַלט און טעמ־פּעראַמענט, און האָב צום סוף פונעם באַריכט נאָר צוגעגעבן אַ פּאָר שורות: אַז די נבואות פון אונדזער גרויסן גאַסט האָבן נישט קיין גרויסן זין, ווייל ס׳איז געווען קלאָר פאַר יעדן מענטשן, וואָס האָט די מעגלעכקייט צו הערן און געניסן דאָס וואונדערבאַרע יידיש, אין וועלכן דער פאָרטראַג איז געהאַלטן געוואָרן, אַז אַזאַ לעבעדיקע, אַזאַ וואַרימע און פאַרבנרייכע שפּראַך גייט נישט אונטער...

דער דיכטער איז געווען אַ היפּש ביסל אין כעס פון דער ״חכמה״, ווי ער האָט עס אָנגערופן אין מיין שמועס מיט אים, אָבער קיין אַרגומענטן קעגן דעם איינפאַל האָט ער נישט געהאַט. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, האָט ער זיך שטענדיק באַנוצט אין ארץ־ישראל מיט דער שפּראַך, וואָס האָט לויט זיין מיינונג געדאַרפט אַמאָל אונטערגיין, ער האָט שטענדיק גערעדט יידיש.

דעם קאַמף קעגן יידיש, וועלכער ווערט געפירט גראַדע פון יידן צייטנווייז מיט אַ געוויסער אומאַנשטענדיקער ברוטאַליטעט, וואָלט מען געדאַרפט אייגנטלעך נישט נעמען זייער ערנסט. עס מאַכט נאַטירלעך אַ מיאוסן איינדרוק ווען אַ ייד פונעם שטעטל פּלאָנסק שפּייט אויף זיין מוטער־שפּראַך, ווייל עס ״גרילצט״ אים אין די אויערן, ווען ער הערט רעדן יידן, אָדער ווען אַ ייד, גע־בוירן אין קעפּטאָון, דרום־אַפריקע, און אויסגעוואַקסן אין ענג־לאַנד, דערקלערט אין ישראלדיקן פּאַרלאַמענט, אַז יידיש איז ״אַ פרעמדע שפּראַך״, אָדער אַ ייד, אַ ליובאַוויטשער חסיד, וואָס איז זוכה געווען אַרויפצוקלעטערן אויף דעם אויבן־אָן פון דער מדינה און האָט פונדעסטוועגן נישט דעם מוט אַ קלאַפּ טאָן אין

טיש און רופן די הפקר־יונגעץ צו אָרדענונג. אָבער עס איז נישטאָ קיין מינדעסטער ספק, אַז יידיש וועט די דאָזיקע פירערס איבער־לעבן און די קאַריקאַטור וועט פאַרשווינדן. יידן זיינען אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאַם.

סופער־פּאַטריאָטיזם ווערט שטענדיק באַגלייט פון קאַריקאַ־טורן. איך בין געווען אַן עדות פון אַ מערקווירדיקן קאַמף אין נאָרוועגן קעגן דער דענישער שפּראַך, וועלכע איז אויך די שפּראַך פון די נאָרוועגער, אַפילו אויב זיי רעדן די שפּראַך מיט אַן אַנ־דערן ניגון, ד. ה. מיט אַן אַנדערן טאָנענפאַל. עס זיינען פאַר־שוואונדן פון די פענסטער אין די בוך־געשעפטן ביכער אַרויס־געגעבן אין קאָפּענהאַגן און מען האָט זיך נישט געטאָרט דער־לויבן צו זאָגן, אַז די צוויי פעלקער האָבן די אייגענע שפּראַך.

עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט "איבערגעזעצט" די באַרימטע פּיעסע פון איבסען "פּער גינט", וועלכע איז גע־שריבן געוואָרן פון דעם גרויסן נאָרוועגער דראַמאַטורג אין דע־ניש־נאָרוועגיש, אין אַלט־נאָרוועגיש, כדי די קאַריקאַטור זאָל זיין פולשטענדיק האָט מען באַשטימט אויך אַנדערע מוזיק, כאָטש די מוזיק פון דעם באַרימטן נאָרוועגישן קאָמפּאָניסט גריג צו "פּער גינט" איז געשפּילט געוואָרן צענדליקער יאָרן אין דער גאַנצער וועלט, געשפּילט שטענדיק מיט דעם גרעסטן דערפאָלג. גריג, אַ פּערזענלעכער פריינד פון איבסען, האָט באַקומען פונעם לעצטן גענויע אָנווייזונגען וועגן דעם פּלאַצירן די מוזיק, און אייניקע שטעלן אַפילו אָנגעגעבן די צאָל פון די טאַקטן אין דער מעלאָדיע. דאָס איז אַלץ איגנאָרירט געוואָרן. עס איז געווען אַ פולשטענדיקער הפקר.

איך האָב געזען די פאָרשטעלונג פון "פּער גינט" אין אַן "איבערזעצונג" אין אַן אַלטן נאָרוועגיש, אין דער אמת'ן צו־זאַמענגעשטוקעוועט פון עטלעכע אַלט־נאָרוועגישע דיאַלעקטן. דערווייל האָב איך נאָך קיין איינציקן נאָרוועגער נישט געטראָפן, וואָס האָט אַ וואָרט פאַרשטאַנען פון דעם נייען טעקסט. אַפילו אַ מאַן פון דעם נאָרוועגישן אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט די

מוזיק צו דער פאַרשטעלונג, האָט מיר צוגעגעבן, אַז קיין מענטש פאַרשטייט נישט און קען נישט פאַרשטיין דעם נייעם טעקסט.

דאָס איז דער סך־הכל פון דעם סופער־פּאַטריאָטישן, פּאַנאַ־טישן נאַציאָנאַליזם. אַנס־קי׳ס ״דיבוק״ איז געשריבן געוואָרן אין רוסיש און איבערגעזעצט געוואָרן כמעט גלייכצייטיק אין העברע־איש און אין יידיש. אַזוי ווי די יידישע פאַרשטעלונג פונעם ״די־בוק״ אין דער רעזשי פון דוד הערמאַן און מאָרעווסקי אין דער ראָלע פונעם מיראָפּאָלער רבי איז אַ סך אינטערעסאַנטער און נאַטירלעכער ווי די קאַריקאַטור, וואָס דער טאַלענטירטער און דעמאָלט האָפענונגסלאָז קראַנקער אַרמעניער וואַכטאַנגאָוו האָט אויפגעפירט, — וואַכטאַנגאָוו איז אַפילו נישט געווען ביי דער פּרעמיערע אין מאָסקווע און איז אַ קורצע צייט נאָך דעם גע־שטאָרבן — האָט אַנס־קי׳ס יידישער פאָלקלאָר פאַרט דערגרייכט דעם יידישן עולם. אַנדערש וואָלט די פּיעסע באַגראָבן געוואָרן אין דעם העברעאישן רעפּערטואַר פונעם טעאַטער...

מיר האָבן נישט ביז איצט קיין געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס זאָל אַריינעמען אַלץ וואָס יידן האָבן געשאַפן אין פאַרשידענע שפּראַכן. מיר האָבן נישט קיין יידישע ליטע־ראַטור אין ״פרעמדע״ שפּראַכן, צו אַזאַ וואַנדאַליזם זיינען מיר נישט געקומען און וועלן מסתמא קיין מאָל נישט קומען. מיר האָבן יידישע ליטעראַטור אין פאַרשידענע שפּראַכן. דאָס איז אַן אוצר, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּשאַצן. דאָס איז אַ ירושה פון הונדערטער דורות, וואָס דאַרף איבערגעזעצט ווערן אויף יידיש און איבער־געגעבן ווערן דעם פאָלק. די דאָזיקע געזאַמלטע יידישע ליטע־ראַטור איז אונדזער פּאַנטעאָן...

זאַמלען די דאָזיקע ליטעראַרישע אוצרות, מאַכן זיי צוגענג־לעך צו אונדזערע פאָלקסמאַסן — דאָס איז דער ענטפער אויף אַלע וואולגערע רייד וועגן דער גרויסער געפאַר פון אַסימילאַציע...

# מאָיסיי אַראָנאָוויטש קראָל

איצט זעט עס אויס אַביסל נישט רעאַל, אַביסל אויסגעטראַכט, נישט מיסטיש, נאָר ווי אַ מין לעגענדע. אָבער דעמאָלט, מיט קנאַפּע פינף און פופציק יאָר צוריק; דעמאָלט ווען מען האָט אין קיין שום טייל פון גרויסן רוסלאַנד נישט געקענט שפּירן אַזוי שטאַרק דעם אָנקומען פונעם קראַך פונעם צאַרישן רעזשים ווי אין פּעטערסבורג; דעמאָלט ווען דאָס רוסישע יידנטום האָט געהאַלטן אין אַ מעכטיקן פּאַרזוך צו מאָביליזירן זיינע מאָראַלישע כוחות, כדי צו זיין אימשטאַנד צו דערהאַלטן זיין עקזיסטענץ און נישט אונטערגיין בעת דער קומענדער קאַטאַסטראָפע, וואָס מען האָט דערוואַרטעט מיט אַן אַבסאָלוטער זיכערקייט — דעמאָלט איז עס געווען יידישע ווירקלעכקייט, ווירקלעכקייט אָן שום סענטימענטן און אָן לעגענדן, עס איז געווען אַ ברוטאַלע, אָבער הערּאָאישע ווירקלעכקייט. מיר האָבן געוואוסט, אַז דער גורל פונעם רוסישן יידנטום איז אינטים, אָרגאַניש, פולשטענדיק פאַרבונדן מיט דעם גורל פונעם רוסישן פאָלק. און מיר האָבן געקעמפט צוזאַמען מיט דעם רוסישן פאָלק.

די יק״א, דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט אין רוסלאַנד, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין יידיש מיניסטעריום אין פּעטערסבורג, כאָטש דער הויפּט־צענטער איז געווען אין פּאַריז. מיט טויזנטער פעדים איז דער צענטראַל־קאָמיטעט געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער פּראָווינץ פונעם לאַנד, מיט עטלעכע הונדערט קלענערע שטעט און שטעטלעך, מיט אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, מיט שולן, קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון, מיט יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און

פאַרמס. איבער זעקס מיליאָן יידן האָבן געלעבט אין רוסלאַנד.

דאָס "מיניסטעריום" פון דער יק"א איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן אַפּאַראַט, וועלכער האָט פונקציאָנירט אין אַן ענגער מיט־אַרבעטערשאַפט מיט גרופּן פון באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוערס. יעדער טייל פונעם אַפּאַראַט, — מיר פלעגן זיי אָנרופן סעקציעס, — האָט אַרום זיך געהאַט אַ קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכע טוערס. זיי פלעגן זיך פאַרזאַמלען יעדע פּאָר וואָכן און באַטראַכטן נישט נאָר די אַלגעמיינע אָדער פּרינציפּיעלע פּראָבלעמען פון דער לויפנדער פּראַקטישער אַרבעט, נאָר אויך די איינצלהייטן פון דער אַרבעט, באַטראַכטן און באַשליסן. געהערן צו אַזאַ מין "סעקציע" האָבן געקענט נאָר זייער אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן מיט דערפאַרונג, אומאָפּהענגיקע אין אַלע הינזיכטן, נישט באַצאָלטע באַאַמטע, נאָר אַזוי צו זאָגן, אויסגעצייכנטע כלל־טוערס.

עס זיינען געגאַנגען די יאָרן פון 1906 און ווייטער, די יאָרן פון אַ מאַסנהאַפטער יידישער אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד, פּוילן און ליטע. הונדערטער טויזנטער יידן האָבן דעמאָלט אויסגעוואַנ־דערט יעדעס יאָר אונטער די שווערסטע באַדינגונגען. די אָפּטיי־לונג פאַר עמיגראַציע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יק"א, וואו איך האָב דעמאָלט געאַרבעט פאַרנעמענדיק אַ וויכטיקן פּאָסטן, נישט קוקנדיק אויף מיינע יונגע יאָרן, האָט געהאַט זייער פיל צו טאָן. יידן זיינען געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן, צו "גנב'ענען" די גרענעץ און דאָס האָט געהייסן אַ סך, אַ סך בלוטיקע קרבנות. מען האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן די אויסוואַנדערונג, מען האָט געדאַרפט העלפן און ראַטעווען יידן. דער געזעלשאַפטלעכער קאָ־מיטעט ביי דער עמיגראַציע־סעקציע איז געווען אַ לעבעדיקע און אַן אַקטיווע קערפּערשאַפט און זייער פיל איז אָפּהענגיק געווען פון דעם פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט, פון זיין פּערזענלעכקייט.

ווי דערשטוינט זיינען מיר געווען, די מיטאַרבעטער פון דער אָפּטיילונג, ווען מיר האָבן אין אַ שיינעם טאָג דערהערט, אַז דער קאָמיטעט האָט באַקומען אַ נייעם פאָרזיצער:

— מאַיסיי אָראַנאָוויטש קראָל...



מאָיסיי אַראָנאָוויטש
קראָל



ראָני אילינישאַ
קראָל
געבוירן מאַגיד

— קראַל, האָבן מיר ביי זיך געפרעגט? דאָס קען דאָך נישט זיין! אַלע זאָגן, אַז דאָס איז דער קראַל, דער לעצטער לעבעדיקער מיטגליד פון דעם אַמאָליקן "איספּאָלניטעלני קאָמי־טעט פון דער "נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועלכער איז פאַרשיקט גע־וואָרן קיין סיביר נאָך דעם ווי די פּאַרטיי האָט דער'הרג'עט אַלעק־סאַנדער דעם צווייטן און די פינף דירעקט באַטייליקטע זיינען געהאנגען געוואָרן. דער נאָמען אַליין: "נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ!" האָט געהאַט אַ באַזונדערן העלדן־קלאַנג אין אונדזערע אויערן. אַ פאַרגאַנגענע עפּאָכע, אָבער וואָס פאַר אַן עפּאָכע, וואָס פאַראַ מענטשן, וואָס פאַראַ העלדן! פאַר מיר האָבן די ווערטער געהאַט אַ ספּעציעלן קלאַנג: איך האָב געענדיקט די גימנאַזיע, אין וועלכער עס האָט אַמאָל געלערנט און געענדיקט מיט אַ מעדאַל זשעלאַבאָוו, דער באַרימטער פירער פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ, איינער פון די פינף געהאנגענע. איצט וועל איך האָבן דעם זכות צו זען אַ יידישן רעוואָלוציאָנער פון יענע צייטן, פון יענע צייטן, וועלכע זיינען אַזוי נאָענט און אַזוי ווייט...

ער איז אָנגעקומען צו דער ערשטער זיצונג. אַ הויכע, זייער אַ הויכע געשטאַלט, אַביסל איבערגעבויגן, וואַרימע אויגן, עפּעס ווי אַ שמייכל אויף די ליפּן און אַ צוגעדריקטע, עטוואָס הייזע־ריקע שטימע. אַזוי זעט עס נישט אויס אַ רעוואָלוציאָנער, נאָר אַ פּראָפעסאָר, אַ געלערנטער. איידער ער האָט עפּעס געזאָגט, האָט ער אַ סעקונדע געטראַכט און געשוויגן, אַריינגעקוקט זיך אין דעם צו וועמען ער האָט גערעדט און מער גערעדט מיט די אויגן ווי מיט דעם מויל.

זיכער האָט מען אין זיין רעדן און אין זיינע באַוועגונגען געפילט די לאַסט פון די פאַרגאַנגענע שווערע יאָרן אין סיביר, אָבער דער ערנסט און די פרישקייט פון די געדאַנקען האָבן נישט געטראָגן קיין שום שפּור פון אַלטקייט און מידקייט. ווען קראַל איז אָנגעקומען אין די ווייטע געגנטן פון סיביר, האָט ער געמוזט עפּעס טאָן אין דער איזאָלירטער ווײסטקייט. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם קליינעם אַזיאַטישן פעלקעלע,

די בוריאַטן, געגומען אַרומפּאָרן איבער זייערע דערפער, געגומען פּאָרשן זייער לעבן, זייער קולטור. ווען קראָל איז געקומען פון סיביר אין די ניינציקער יאָרן, איז ער שוין געווען אַ באַקאַנטער, איינער פון די באַקאַנטסטע סיבירער עטנאָגראַפן, אַ געלערנטער, וועלכן די רוסישע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס האָבן געוואָלט צוציען אַלס אַ ווערטפולן מיטאַרבעטער. אָבער ווען קראָל איז געקומען צוריק פון סיביר, איז ער באַלד אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס זיינען געווען די יאָרן ווען רוסלאַנד, דאָס אַלטע רוסלאַנד, פאַרמשפּט צום אונ־טערגאַנג, האָט דורכגעמאַכט די ערשטע שטורמען פאַר דער גרויסער רעוואָלוציע. און דאָס זיינען געווען די טראַגישע יאָרן פון דעם אַזוי פיל געפּרואווטן רוסישן יידנטום. פינף און צוואַנ־ציק יאָר נאָך די פּאָגראָמען פון די 80־ער יאָרן האָט דער צאַ־ריזם אויפגעלעבט זיין אַלטע סיסטעם פון מאַסן־פּאָגראָמען. עס

איז געווען אַן עפּאָכע פון פּאָגראָם־פּאָליטיק און פּאָגראָמען.

אונדזערע מאַסן האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן: באַוואָפנטער זעלבסטשוץ בשעת די פּאָגראָמען און שטורמישע, גוט־אָרגאַניזירטע פּראָטעסטן מיט סענסאַציאָנעלע געריכטס־פּראָצעסן קעגן די אָפּי־ציעלע אָרגאַניזאַטאָרן פון די פּאָגראָמען. היינט, מיט זעכציק יאָר שפּעטער, קען מען גאַנץ קלאָר זען, אַז די פּאָגראָם־פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג, געבענטשט און געשטיצט פון דעם טראָן און זיינע נאָענטסטע באַהעלפערס, האָט אפשר מער ווי אַלע אַנדערע אירע פאַרברעכנס אונטערגעגראָבן דעם רעזשים און פאַרשנעלערט זיין סוף. די יידישע אַדוואָקאַטור האָט אָרגאַ־ניזירט די פאַרטיידיקונג פון יידישע אינטערעסן און די פּראָ־צעסן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָלאָסאַלער דעמאָנסטראַציע קעגן דער רעגירונג. נישט נאָר גאַנץ רוסלאַנד, נאָר די גאַנצע וועלט, האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון די פּראָצעסן. נישט די פּאָגראָמשטשיקעס, נאָר די רעגירונג און דער טראָן זיינען געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק.

קראָל איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע באַטייליקטע

אין די פראַצעסן. דער קעמפער פאַר אַ פרייען רוסלאַנד אין זיינע יונגע יאָרן, אָפגעריכט גלות אין קאַלטן סיביר און אָפגעגעבן דאָרט אַלע זיינע יונגע יאָרן די בוריאַטן, האָט ער זיך איצט אָפגעגעבן יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער גורל האָט עס געוואָלט, אַז ער, וועלכער איז געבוירן געוואָרן און אויסגע־וואַקסן אין זשיטאָמיר, זאָל איצט באַקומען די מיסיע צו פאָרן אַלס אַדוואָקאַט קיין זשיטאָמיר, כדי אויסצופאָרשן אויפן אָרט די אומשטענדן פון דעם זשיטאָמירער פאָגראָם. ער האָט אויס־געפירט די מיסיע אַזוי ווי ער האָט אַלץ געטאָן אין לעבן: איבער־געגעבן זיך דער אַרבעט מיט לייב און לעבן. אין דער שטאָט, וואו ער איז אַמאָל געגאַנגען אין חדר, אין דער שטאָט, וואו מען האָט זיך באַטייליקט אין די יינגסטע יאָרן אין די ערשטע רעוואָלוציאָנערע קרייזן, וואו עס האָט געהערשט אַ מין אַלט־מאָדישע אידיליע סיי אין דעם יידישן לעבן און סיי אין דעם צוזאַמענלעבן מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, האָט עקס־פלאָדירט אַ פאָגראָם. און אַ פאָגראָם איז אַ סך געמיינער ווי אַן אָפענע מלחמה, וואָס איז אַזוי צו זאָגן אַ לעגאַליזירטעס בלוט־פאַרגיסן. שכנים, אַלטע פריינד פון דורות, ווערן פלוצלונג בלו־טיקע שונאים, מערדערס און רויבערס. מענטשן קענען נישט פאַלן נידעריקער. וואָס דאָס הייסט פאַר אײנעם, וועלכער האָט אָפגעגעבן זיין לעבן אין קאַמף קעגן דעם רעזשים און האָט זיך ערשט אומגעקערט פון דעם ווייטן אַזיאַטישן טייל פון דעם אַזיאַטן־רוסלאַנד, דאָס קען פאַרשטיין נאָר דער, וואָס האָט אַ מאָל איבערגעלעבט אין אַ פאָגראָם, אַליין געווען אין אַ באַוואָפנטן זעלבסטשוץ.

עפּעס ספּעציעלעס האָט מיך באַוואונדערט אין דעם ווען און לעבן פון מאַיסיי אַראָנאָוויטש קראָל, דעמאָלט, מיט קנאַפּע פופציק יאָר צוריק אין פעטערסבורג, און שפּעטער, ווען איך האָב געהאַט דעם זכות צו טרעפן אים אין אויסלאַנד, שפּעטער מיט דרייסיק יאָר. אַ זון פון אַ יידישער בירגערלעכער פאַמיליע אין זשיטאָמיר, געגאַנגען אין אַ חדר און פאַרקערט ס'רוב אין

אַ ריין־יידישער סביבה, געלערנט אין אַ רוסישער מיטל־שולע און שפּעטער אין דעם אוניווערסיטעט פון פּעטערסבורג, געוואָרן אַלס יונגער בחור אַ מיטגליד פון אַ טיפּיש־רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי און באַצאָלט פאַר זיין מוט און זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען דעם טייערן פּרייז פון פאַרשיקט ווערן אין אַ ווייטן ווינקל פון סיביר, האָט מען אין זיין פּערזענלעכן "איך" קיין מאָל נישט געפילט, אַז עס איז געשפּאַלטן, געטיילט אויף אַ יידישער העלפט און אויף אַ נישט־יידישער, ד. ה. אויף אַ רוסישער. דאָס כלומרשט צוויי־פּנימדיקע ווען זיינס איז אין דער אמתן געווען איינס, אַ יידיש פּנים, אַ יידיש האַרץ, אַן אָפענע קלאָרע פּערזענלעכקייט מיט אַן אָפענעם פּנים.

עס איז דאָ אין קראַל׳ס זכרונות אַן אינטערעסאַנטע און גאַר וויכטיקע באַמערקונג וועגן זיינע שטימונגען אין די יונגע יאָרן, ווען זיין כאַראַקטער האָט זיך געגומען פאָרמירן און זוכן זיין אייגענעם וועג אין לעבן. דער יונגער יידישער דור פון יענער עפּאָכע איז נישט געווען איינגעשטעלט מאַטעריאַליסטיש, מען האָט געטראַכט נאָר וועגן "דינען דעם פאָלק" און מען האָט געזוכט, יעדער איינציקער פאַר זיך, אַן אידעאָלאָגיע, אַ וועג אין דער צוקונפט, אַ זין פון אַ קאָנסטרוקטיווער צוקונפט. קיין שום מורא פאַר דער צוקונפט, קיין שום קרבן צו טייער, נאָר געפינען דעם ריכטיקן וועג: — "און דאָ, שרייבט קראַל, אין דער דאָזיקער שווערער, אינעווייניקסטער, צייטנוויז פּיינלעכער אַרבעט (פון זוכן) האָבן מיר געהאָלפן היינע און בערנע. איך מעג זאָגן אָן שום גוזמא, אַז זייער איינפלוס אויף מיר איז געווען זייער גרויס. ביידע האָבן זיי מיך אויסגעלערנט, ווי אַזוי מען דאַרף שעצן און ליב האָבן די פרייהייט און וואָס איז נאָך וויכטיקער, ווי אַזוי מען דאַרף קעמפן קעגן אַלע מינים פון דעספּאָטיזם. אָט די דאָזיקע איינגנשאַפט פון די צוויי גרויסאַרטיקע דייטשע יידן איז אויף אַ לאַנגער צייט געוואָרן דער פירנדער שטערן אין מיין לעבן... "אַן אמת׳ער" סאָציאַליסט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב מיט אַ יאָר שפּעטער — איך בין דעמאָלט אַלט געווען

זעכצן יאָר — דורכשטודירט איניקע ווערק פון לאַסאַל און בין מיט גרויסע מאַטערנישן בייגעקומען דעם ערשטן באַנד פון מאַרקס׳עס "קאַפּיטאַל"...".

ס׳הייסט שוין, נישט צוויי וויכטיקע דייטשע יידן האָבן אין דער דערציאונג פונעם רוסיש־יידישן רעוואָלוציאָנער פון זשי־טאָמיר געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, נאָר פיר דייטשן יידן, און וואָס פאַר דייטש־יידישע גייסטער!

— "עס איז געגאַנגען, שרייבט ווייטער קראָל, דאָס יאָר 1888. ווי ס׳איז באַקאַנט, האָט זיך די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע געפונען אויף אַ מין קרייצוועג. באַקונינ׳ס אַנאַרכיזם האָט שוין דעמאָלט אין אַ באַדייטנדער מאָס פאַרלוירן זיין מאַכט איבער די שטימונגען פון דער יוגנט. די בונטאַרסטווע פון טקאַטשעוו האָט שוין כמעט קיינעם מער נישט אינטערעסירט...".

עס לוינט דאָ נישט צו דערמאָנען די אידעאָלאָגישע קאָנ־פליקטן צווישן מאַרקס און באַקונין. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז ביי דעם רוסיש־יידישן אינטעליגענטן מאַן פון זשיטאָמיר איז דאָ געגאַנגען נישט סתם אין "שטורם און דראַנג", נאָר עס איז געווען אַן ערנסטע און גרינדלעכע באַציאונג צום סאָציאַליזם. נישט ווערנדיק קיין מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַט, איז קראָל נישט געוואָרן קיין אַנאַרכיסט, קיין באַקונין־תלמיד. די "נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געבויט געוואָרן אויף דער אידעע פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַפרייאונג פון דעם פּויערטום, דעם גרונד־יסוד פון רוסלאַנד׳ס באַפעלקערונג און ווירטשאַפט. אַלס איין מיטל אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג איז אויך געווען פּאָליטישער טעראָר. קראָל האָט געהערט צו דער גרופּע פון די פּאַרטיי־פירער, וועלכע איז געווען קעגן טעראָר, אָבער דער דרוק פון דעם צאַרן־רעזשים איז געוואָרן וואָס אַ טאָג שטאַרקער און ברוטאַלער און עס איז פאַר אַלע אַקטיווע פירערס געווען קלאָר, אַז פריער פון אַלץ מוז מען ברעכן דעם רוקנביין פון דעם רעזשים. די "נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט אויף דער ברוטאַליטעט פון דעם רעזשים געענטפערט מיט דער אומברחמנות׳דיקער ברוטאַלי־

טעט פון פּאָליטישן טעראָר. די "נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און נישט די שפּעטער אָרגאַניזירטע רוסישע מאַרקסיסטישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע האָט די ערשטע פּראָקלאַמירט דעם אָנהויב פון דער רוסישער רעוואָלוציע מיט דעם מאָרד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דעם 1־טן מערץ 1881.

מיט אַ באַזונדערן יראת הכבוד פלעג איך באַטראַכטן דאָס פּנים און די גאַנצע פיגור פון קראָל. עס איז שטענדיק געלעגן אַ באַזונדערע רו אויף דעם דאָזיקן געלאַסענעם, שכל'דיקן מענטשן. אינעווייניק האָט שטענדיק געברענט אַ פייער פון ריינעם אידעאַ־ליזם. אויסנווייניק — אַ קאָנצענטרירטער בליק אַרום זיך, דאָס אַריינדרינגען אין די געשעענישן פונעם טאָג.

קראָל איז נישט דער איינציקער יידישער נאָמען אין דער געשיכטע פון דעם אָנהויב פון דער רוסשיער רעוואָלוציע, נישט דער איינציקער ייד, וועלכער האָט אין יענע צייטן געטראָגן מוטיק און אומדערשראָקן די פאָן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. לעוו שטערנבערג, אויך פון זשיטאָמיר, איז געווען דער אינטימס־טער פריינד פון קראָל אין משך פון צענדליקער יאָרן, אינדער־היים, אין די געפענגענישן, אין סיביר, אין אַלע זיינע געפילן. די פאַרפאָלגער און די פייניקער האָבן זיי שטענדיק געיאָגט אין דער אייגענער ריכטונג און זיי צוזאַמען פאַרטריבן אין די פאַר־וואָרפנסטע ווינקלען פון סיביר.

לאָמיר דאָ ברענגען די נעמען פון די יידישע אָנטיילנעמער פון דער באַוועגונג פון דער "נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אָדער גאָר נאָענט צו דער באַוועגונג, נעמען, וועלכע ווערן מיט אַ באַזונדע־רער וואָרימקייט דערמאָנט אין די זכרונות פון קראָל, וועלכע ער האָט יאָרנלאַנג געדרוקט אין דער ניו־יאָרקער "צוקונפט" אונטער דער רעדאַקציע פון א. לעסין און וועלכע זיינען שפּעטער דערשינען אין דער פאָרם פון אַ רוסישן בוך אונטער דעם נאָמען: "בלעטער פון מיין לעבן", ("סטראַניצי מאָיעי זשיזני") שוין נאָך דעם טויט פונעם מחבר אין ניצאַ, דעם 31־טן דעצעמבער 1942.

עס איז אַ לאַנגע רשימה:

לעוו שטערנבערג; לעוו קאַגאַן־בערנשטיין; עסטער בילינ־קער; גאָץ; גראָסמאַן; קלאַראַ בראַמבערג; משה בראַמסאָן; וולאַדימיר באָגאָראַז; מינאָר; האוסמאַן; זאַכאַר קאָגאַן; לעוו פינסקער; וויקטאָריאַ לעווענסאָן, לעוו זונדעלעוויטש; אַראָן זונ־דעלעוויטש; לעוויט; צימערמאַן; גרינצער; לעוו פּיקער; שאַר־גאָראָדסקי; נאסטיאַ שעכטער; קאָבצאַן.

דאָס לעבן פון יעדן איינעם פון זיי איז אַ שטיק רוסיש־יידישע געשיכטע. צווישן די יידישע פּאָליטישע פאַרשיקטע זיינען געווען נישט ווייניק אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין גרויסע ווידערשטאַנד־אַקציעס אין סיביר גופא. פאַר דער באַטייליקונג אין דעם באַרימטן באַוואָפנטן אויפשטאַנד פון יאַקוטסק (1889), וועלכער האָט איפגערודערט די גאַנצע וועלט, האָט זיך צווישן אַנדערע "אויסגעצייכנט" משה בראַמסאָן, אַ נאָענטער קרוב צו דעם שפּעטער באַקאַנטן יידישן כלל־טוער און מיטגליד פון דער ערשטער דומאַ לעאָ בראַמסאָן. בראַמסאָן איז פאַרמשפּט געוואָרן צו אייביקער קאַטאָרגע אין 1893. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער באַקומען אַ מעגלעכקייט צו באַזעצן זיך אין ווערכנעאוּ־דינסק.

צווישן די פאַרמשפּטע צום טויט און געהאנגענע איז געווען קאָגאַן־בערנשטיין, איינע פון די באַקאַנטסטע געשטאַלטן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יענער צייט. קראַל איז אַ מאָל געווען אַן עדות אין פּעטערסבורגער אוניווערסיטעט בשעת אַ סטודענטן־דעמאָנסטראַציע אין דער אָנוועזנהייט פון מיניסטאָרן, גענעראַלער און וויכטיקע באַאַמטע. מען איז געקומען צום פייער־לעכן יערלעכן אוניווערסיטעט־פעסט. דער ריזן־זאַל איז געווען פול געפּאַקט מיט סטודענטן. אין די ערשטע רייען איז געזעסן דער בילדונגס־מיניסטער סאַבוראָוו, דער אָנפירער פון אַ ספּעציעלער מלחמה קעגן דער שטודירנדער יוגנט. בשעת דעם לייענען פונעם אָפיציעלן באַריכט האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ שטימע פון אויבן, אַ רעדע פון אַ סטודענט צום עולם. אַ פּחד איז אָנגעפאַלן אויף אַלעמען. די רעדע האָט זיך געענדיקט מיט די ווערטער:

— אין אַזעלכע מיניסטאָרן ווי סאַבוראָוו וועלן זיך נוקם זיין ערלעכע יונגעלייט פון די רייען פון דער סטודענטנשאַפט...

דאָס האָט גערעדט קאַגאַן־בערנשטיין. ווי נאָר ער האָט געענדיקט זיין רעדע, איז זיינער אַ חבר, אַ סטודענט מיטן נאָמען פּאָדבעלסקי, רואיק צוגעגאַנגען צום מיניסטער סאַבוראָוו און האָט אים געגעבן אַ פּאַטש. דער עולם איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט. די פּאָליציי און די אַגענטן פון דער אָכראַנע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן כאַפּן די צוויי שולדיקע, אָבער זיי זיינען פאַרשוואונדן. די אָכראַנע האָט זיך חדשים־ און יאָרן־לאַנג געיאָגט נאָך קאַגאַן־בערנשטיין ביז זיי האָבן אים אַרעסטירט. דער אויפשטאַנד פון יאַקוטסק בשעת עס זיינען אומגעקומען זיבן פּאָליטישע פאַרשיקטע און דער שפּעטערדיקער פּראָצעס, ווען אַלע אָנגעקלאָגטע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, האָט אַרויסגערופן אַ שטורם מיט פּראָטעסטן. האָט מען אַ טייל פון די פאַרמשפּטע געשענקט דאָס לעבן און זיי פאַרשיקט — צווישן זיי איז אויך געווען בראַמסאָן, — אָבער נאָר אַ טייל, די איבעריקע האָט מען געהאנגען. אונטער די שוידערלעכע אומשטענדן האָט דאָ קאַגאַן־בערנשטיין באַצאָלט מיטן לעבן פאַר זיין אומאָקמפּראָמיסלעכן קאַמף קעגן דעם בלוטיקן רעזשים.

מען לייענט די בלעטער פון קראָל׳ס לעבנס־געשיכטע מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. מען האָט דעם איינדרוק פון אַ שטיק יידישער געשיכטע, נישט נאָר בלעטער פון אַ רוסישער געשיכטע. ער האָט נישט געהאַט בדעה, דאָס זעט מען גאַנץ קלאָר, צו ציען די אויפמערקזאַמקייט צו דער צאָל יידן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, צו זייער אייגנאַרטיקן ברען, צו זייער ספּעציעלער גרייטקייט זיך מקריב צו זיין. מיר זיינען צושויער און עדות פון אַן אומגעהויער וויכטיקער גאַלעריע פון העלדן, וואו יידן גייען האַנט אין האַנט מיט נישט־יידן, וואו יידן קענען נישט בשום אופן אָפּגעזונדערט ווערן פון נישט־יידן. פאַר אונדז אָבער זיינען די יידן אין דער גאַלעריע אונדזערע, אונדזערע אייגענע. זייער חלק אין דער באַוועגונג איז אונדזער חלק, דער יידישער חלק.

# מאַקסים גאָרקי

איך האָב געזען מאַקסים גאָרקי צום ערשטן מאָל און גע־הערט אים רעדן אונטער זייער דראַמאַטישע אומשטענדן. ס׳איז געווען אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם ווי די ערשטע מלחמה האָט אויס־געבראָכן. אינמיטן פון די פּאַטריאָטישע טויזנט־קעפּיקע דעמאָנס־טראַציעס אויף די גאַסן פון פּעטערסבורג מיט דעם פּאָרטרעט פון דעם צאַר פאָראויסגעטראָגן, אינמיטן פון די ערשטע מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי אין מזרח־פּרייסן, האָט דער המון גע־מאַכט אַ גרויסן פּאָגראָם אויף די דייטשן אין פּעטערסבורג, אַ פּאָגראָם ווי עס דאַרף צו זיין. מען האָט אויסגעהאַקט די גרויסע שויבן אין די טייערסטע געשעפטן אויף דער שיינער מאָרסקאַיאַ גאַס, מען האָט אויסראַבירט געשעפטן פון די דייטשן און מען האָט זיך אַריינגעריסן אין דער מאַיעסטעטישער אַמבאַסאַדע פון דייטשלאַנד. דער המון האָט אָנגעצונדן אינעווייניק אַ פייער און געברענט פּאַפּירן. אויף דעם פראָנט פון דער געביידע, גאַנץ אויבן־אָן, האָט זיך געפונען אַ סקולפּטור־גרופּע פון צוויי קופּערנע ריזנפערד מיט צוויי געזונטע, נאַקעטע מענער, מסתמא אַ מין פּרייסישער־האָהענצאָלערן סימבאָל פון קראַפט און מאַכט. דער המון האָט זיך נישט געפוילט אַרויפדראַפּען זיך אויפן דאַך פון דער גרויסער געביידע, צעשלאָגן די פיגורן און אַראָפּוואַרפן זיי פון אויבן אַראָפּ אויף דער גאַס...

מען דאַרף געדענקען, אַז דייטשן זיינען געווען שטענדיק פּאַוואָריזירט אין פּעטערסבורג און דייטשן האָבן פאַרנומען די וויכטיקסטע פּאָסטנס סיי אין דער אַדמיניסטראַציע, סיי אין דער

רעגירונג. אַפילו דער שעף פון דער זיכערקייט אין דער דומאַ איז געווען אַ דייטש, אַ רוסישער דייטש, גענעראַל באַראָן פאָן אָסטען־סאַקען. דער פריסטאַוו פון דער דומאַ איז געווען באַראָן פאָן פערזען. נו, און די פרוי פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, אַלעקסאַנדראַ פיאַדאָראָוונאַ, איז געווען אַ דייטשקע...

פון אַלע טיילן פון רוסלאַנד האָבן אָנגעהויבן קומען אַלאַר־מירנדע באַריכטן. אין מזרח־פּרייסן האָבן די דייטשן פאַרכאַפּט אין די מאַזורישע בלאָטעס די גאַנצע רוסישע אַרמיי פון גענעראַל סאַמסאָנאָוו און דער גענעראַל אַליין האָט זיך אַרייַנגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט מען זיך גענומען צו די דייטשן און די אַלטע דייטשע קאָלאָניעס. די פּאַניק האָט זיך צע־שפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. די פּאַטריאָטן האָבן געדאַרפט האָבן עמעצן אויף צו נעמען נקמה פאַר די מפּלות. פּאָגראָמען, פּאָגראָמען!

אָט אין דער צייט האָבן מאַקסים גאָרקי, לעאָניד אַנדרעיעוו און די פרוי קוסקאָווע, אַ באַקאַנטע אַקטיווע כלל־טוערין, די פרוי פון פּראָפעסאָר פּראָקאָפּאָוויטש, גערופן אין אַדוואָקאַטן־קלוב אַ פאַרזאַמלונג פון רעדאַקטאָרן פון דער דעמאָקראַטישער פּרעסע, באַקאַנטע זשורנאַליסטן און באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, כדי צו באַטראַכטן די געשאַפענע געפערלעכע לאַגע אין לאַנד. עס זיינען געקומען עטלעכע הונדערט מענטשן. דאָס וואָרט האָט נאָך דער פרוי קוסקאָווע, וועלכע איז ערשט געקומען פון אַ רייזע איבערן לאַנד, גענומען גאָרקי.

די הויכע, עטוואָס איבערגעבויגענע פיגור פון דעם פּאָפּו־לערן און זייער איינפלוסרייכן שרייבער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט צו דעם קאַטאַס־טראָפאַלן פסיכישן צושטאַנד פונעם רוסישן פאָלק, צו דעם גרויסן צוזאַמענברוך וואָס רוקט זיך אָן.

עס איז מיר שווער צו דערמאָנען זיך גענוי זיינע ווערטער, געזאָגט מיט 50 יאָר צוריק, אָבער איך געדענק דעם תמצית פון זיין רואיקן, אָבער זייער אַלאַרמירנדן, ערנסטן פאָרטראַג; דער רוקנביין פונעם פאָלק איז געבראָכן, דאָס געוויסן פונעם פאָלק

איז נישט סטאַביל! היינט איז איינס, מאָרגן איז עפּעס אַנדערש, ווי אַ באַרג מיט זאַמד איז דאָס רוסישע געוויסן... וואוהין דער ווינט בלאָזט, אַהין טראָגט עס דעם זאַמד...

מאַקסים גאָרקי איז נישט געווען קיין פאַלשער נביא. ער האָט גוט פאָראויסגעזען דעם גאַנג פון דער ווייטערער רוסישער געשיכטע, פאָראויסגעזען און פאָראויסגעזאָגט, געוואָרנט, גערופן צו פאַרטראַכטן זיך, עס קענען קומען גרויסע אומגליקן...

זיין רעדע און דער באַריכט פון דער פרוי קוסקאָווא וועגן דעם וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער פּראָווינץ, האָבן געמאַכט אַ דערשיטערנדן איינדרוק, אָבער וואָס האָט געקענט טאָן די דאָזיקע ספּעציעלע פאַרזאַמלונג. מען איז געווען מאַכטלאָז.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אַן ערך צען יאָר שפּעטער זאָל איך קומען אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט דעם גרויסן שרייבער, ווען ער האָט פאַרלאָזן אויף אַ לאַנגער צייט סאָוויעט־רוסלאַנד, נישט קיין געזונטער פיזיש, שטאַרק אויפגעטרייסלט צוליב די טראַגישע געשעענישן אין רוסלאַנד, אַרומגערינגלט פון אַ היפּש ביסל פּאַראַזיטן...

לויט דער בקשה פון אַ פריינד, אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט, האָב איך פאַרמיטלט אַ סעריע אַרטיקלען פון גאָרקי געשריבן און גוט באַצאָלט פאַר דעם גרויסן דענישן בלאַט אין קאָפּענהאַגן "פּאָליטיקען", וואו איך בין צו יענער צייט געווען אַן אָפּטער מיטאַרבעטער. שפּעטער האָט די צייטונג געקויפט דעם דריטן באַנד פון גאָרקי'ס זעלבסטביאָגראַפיע, איינס פון זיינע באַרימטע ווערק "מיינע אוניווערסיטעטן", וועלכע ער האָט ערשט פאַרענדיקט. דאָס בוך איז איבערגעזעצט געוואָרן פון אַ דענישן שרייבער, וועלכער האָט גוט געקענט רוסיש, האָט זיך לאַנג געדרוקט אַלס פעליעטאָן אין "פּאָליטיקען" און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַלס בוך פון אַ גרויסן דענישן פאַרלאַג. בין איך פאַקטיש געווען דער ערשטער, וואָס האָט געלייענט דעם מאַנוסקריפּט פון דעם וואונדערבאַרן בוך, וואָס איז נישט נאָר אַ שטיק לעבנסגעשיכטע פון איינעם פון רוסלאַנד'ס גרעסטע שרייבערס, נאָר אויך אַ שטיק

פון רוסלאַנד׳ס געשיכטע פאַר דער גרויסער רעוואָלוציע. די סקיצן פונעם בוך קען מען נישט פאַרגעסן.

איך בין אָבער נאָך אַלץ נישט געווען אין אַ פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט מאַקסים גאָרקי. די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ און אַלע געלט־טראַנזאַקציעס צווישן מיר און גאָרקי זיינען געגאַנגען דורך זיין פּיל־יאָריקן סעקרעטאַר און פאַרטרעטער פּיאָטר פּעטראָוויטש קריוטשקאָוו. ביי אַ שפּעטערער געלעגנהייט, ווען איך האָב גע־מוזט רעדן מיט גאָרקי פּערזענלעך און איבערגעבן אים אַ גרע־סערע סומע געלט, האָט מיר גאָרקי געזאָגט:

— גיט עס אַלץ איבער פּיאָטר פּיאָטראָוויטש. דאָס וואָס ער שרייבט אונטער פאַר מיר, איז דאָס אייגענע ווי איך וואָלט עס אַליין אונטערגעשריבן...

קריוטשקאָוו איז נאָך דעם טויט פון גאָרקי, בשעת די גרויסע רעגירונגס־פּראָצעסן, ווען סטאַלין האָט אומגעבראַכט אַלע אַלטע באָלשעוויסטישע פירערס, אָנגעקלאָגט געוואָרן אין אַ פאַרזוך צו פאַר׳סמ׳ען גאָרקי און איז דערשאָסן געוואָרן...

די סאָוויעט־רעגירונג האָט דעמאָלט געהאַט אין בערלין אַ ריזיקע פאַרלאַג־אונטערנעמונג און קריוטשקאָוו איז געווען איינער פון אירע וויכטיקסטע טוערס.

איך דערצייל דאָ נאָר דורך אגב די שרעקלעכע מעשה, ווייל זי איז פאַרט צו כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע צייטן, ווען דער קאַווקאַזישער מערדער און זיינע מקורבים האָבן געקענט אומ־באַשטראָפט פּראַקטיצירן מאַסנמאָרד. אייניקע פון די ״מקורבים״ פאַרנעמען נאָך איצט וויכטיקע פּאָסטנס אין דער רעגירונג און אַדמיניסטראַציע פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

מיין פּערזענלעכע פאַרבינדונג מיט מאַקסים גאָרקי האָט גאָר־נישט געהאַט צו טאָן מיט פּאָליטישער שרייבעריי. אַ פילם־געזעל־שאַפט אין בערלין, פאַר וועלכער איך פלעג לייענען מאַנוסקריפּטן, האָט מיך געבעטן צו פאַרזוכן באַשטעלן ביי גאָרקי אַ סצענאַריאָ פאַר אַ פילם וועגן דעם לעגענדאַרן רוסישן אויפשטענדלער סטענ־קאַ ראַזין. גאָרקי האָט זיך צוערשט קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, ווייל

עס איז אים געווען פרעמד די קונסט פון אַזאַ מין ריין־מעכאַנישער ליטעראַטור. נאָך לאַנגע רייד און אָנשטרענגונגען מצד דער פילם־געזעלשאַפט האָט ער באַשלאָסן צו פּרובירן. ער האָט אַ סך גע־אַרבעט. ער האָט גוט געקענט דעם שטאָף, האָבנדיק אין רוסלאַנד ביי פריערדיקע געלעגנהייטן אַ פרייען צוגאַנג צו די געהיימע מלוכהשע אַרכיוון. אָבער דער ערשטער מאַנוסקריפּט האָט נישט געטויגט. די געשיכטע פון סטענקאַ ראַזין באַשטייט נאָר פון מאָרד. סטענקאַ ראַזין האָט געהאַט ווייבער און איינע נאָך דער אַנדערער האָט ער זיי גע'הרג'עט אויף אַ ווילדן, בעסטיאַלישן אופן. צוויי פרויען האָט ער געכאַפּט ביי זייערע האָר און האָט זיי מיט די קעפּ גע'ממית'ט קלאַפּנדיק איינע אין דער אַנדערער. איין פרוי האָט ער אַריינגעוואָרפן אין אַן אויוון וואָס איז געווען אָנגעהייצט. די פּערסישע קראַסאַוויצע, וועגן וועלכער האַרציקע לידער האָבן די רוסן שטענדיק געזונגען און זינגען ביז איצט, האָט ער אַריינ־געוואָרפן אין ים...

דער באַרימטער רוסישער רעזשיסער סאַנין, אַ ייד און אַן אַלטער פריינד פון גאָרקי, האָט געזאָלט אויספירן דעם פילם. ער האָט מיר אומגעקערט דעם מאַנוסקריפּט און זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. און געזאָגט דערביי:

— גריס פון מיר גאָרקי און זאָג אים, אַז פון אַזוינס קען מען נישט מאַכן קיין פילם... ס'איז מאָרד און נאָר מאָרד... קיין צענזור וועט אַזאַ פילם נישט דערלויבן אויף דער בינע. זאָג אים, אַז דאָס איז נאָר די געשיכטע פון אַ בלוט־פאַרגיסן... ניין, ניין, דאָס וועל איך נישט טאָן...

עס האָט זיך געשאַפן אַ פּיינלעכע מיספאַרשטענדעניש. דאָס פּיינלעכסטע איז געווען, וואָס איך האָב געזאָלט פאָרן צו גאָרקי אויפן לאַנד, אַ פּאָר שעה פון בערלין, און זאָגן אים, דעם גרויסן שרייבער, אַז זיין מאַנוסקריפּט טויג נישט. איך האָב עס נישט געקענט טאָן, איך האָב עס נישט געוואָלט טאָן, אָבער איך האָב עס געמוזט טאָן...

ווען איך האָב אָנגעהויבן פאַרזיכטיק צו רעדן, האָט גאָרקי מיט־

אַמאָל פאַרשטאַנען, וואָס איז דער צוועק פון מיין באַזוך. דאָס וואָס דער מאַנוסקריפּט קען נישט באַנוצט ווערן אין דער פאָרם ווי ער האָט עס אָנגעשריבן, האָט אויף אים נישט געמאַכט קיין שטאַרקן איינדרוק: "איך האָב דאָך איך פאָראויסגעזאָגט, אַז איך קען נישט די מלאכה", האָט ער רואיק דערקלערט. אָבער ווען ער האָט גענומען רעדן וועגן דער ברוטאַליטעט פונעם העלד, האָט ער אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ:

— דאָס זיינען מיר... אַזוי איז דאָס פאָלק.... אַזוי איז דאָס געוויסן פונעם פאָלק...

דאָס זיינען געווען די אייגענע רייד, וואָס איך האָב געהערט פון אים מיט צען יאָר צוריק, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. דאָס זיינען נישט געווען קיין צופעליקע געדאַנקען. דאָס איז גע־ווען עפּעס וואָס האָט שוין לאַנג געבויערט אין זיין מוח, אין זיין אייגענעם געוויסן.

פון דעם געשפּרעך וועגן סטענקאַ ראַזין איז דער שמועס אַריבער אויף דער לאַגע פון יידן אין רוסלאַנד. נישט איך האָב באַרירט די פראַגע, נאָר גאָרקי האָט גערעדט:

— איך הער נישט אויף צו טראַכטן וועגן דעם יידישן פּראָ־בלעם... אַזוי ווי איך אַליין וואָלט געווען שולדיק, אַזוי ווי מיר אַלע וואָלטן געווען שולדיק...

אַ קורצע צייט נאָך דעם געשפּרעך האָב איך באַקומען פון גאָרקי צוגעשיקט אַ מאַנוסקריפּט, אַ סצענאַריאָ פאַר אַ פילם: די געשיכטע פון צוויי אַרבעטער־חברים, אַ ייד און אַ קריסט, דער ייד איז אַ געטרייער רעוואָלוציאָנער און דער קריסט איז אַ פאַר־קויפטע נשמה, ווערט אַן אַגענט פון דער פּאָליציי.. .

די פילם־געזעלשאַפט האָט נישט געהאַט קיין אינטערעס פאַר דעם פילם און מיר האָבן אומגעקערט דעם מאַנוסקריפּט. איך האָב נישט געהאַלטן זיך פאַר באַרעכטיקט צו איבערלאָזן ביי מיר אַ קאָפּיע פון דעם מאַנוסקריפּט, הגם דאָס ווערק האָט אַ סך גע־רעדט וועגן דעם, וואָס דער גרויסער רוסישער שרייבער מיינט וועגן דער לאַגע פון יידן אין רוסלאַנד...

עס איז מיר אויסגעקומען צו טרעפן אַ באַדייטנדע צאָל פון געהויבענע רוסישע פערזענלעכקייטן מיט אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער שווערער דראַמע פונעם רוסישן יידנטום, אָבער ביי קיינעם פון זיי האָב איך נישט געטראָפן אַזאַ דירעקטן צוגאַנג צום פּראָ־בלעם....

גאָרקי האָט שטענדיק געהערט צו די נישט זייער צאָלרייכע עלעמענטן פון דער רוסישער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די אַזוי גערופענע "יידישע פראַגע" אין רוסלאַנד איז אין דער אמת'ן נישט קיין יידישע, נאָר אַ רוסישע פראַגע, אַ פּראָב־לעם פון רוסישער קולטור און רוסישער דערציאונג, אַ פּראָבלעם פון רוסישער קולטורלאָזיקייט און מאָראַלישער געפאַלנקייט. דאָס איז געווען גאָרקי'ס איבערצייגונג און די איבערצייגונג האָט ער עפנטלעך מאַניפעסטירט...

# ל. קאַליובאַקין

איך האָב אים אָפּט געזען, אָבער ווייניק געקענט. ער פלעגט אָפּט קומען צו די זיצונגען פון דער דומאַ, אַלס געוועזענער דעפּו־טאַט פון דער ערשטער דומאַ האָט ער געקענט אָפּט אַריינקומען אין פּאַרלאַמענט, זיצן אין אונדזער פּרעסע־לאָזשע און צוהערן זיך צו די דעבאַטן אין זאַל. האָט זיך גוט צוגעהערט און געשוויגן.

אַ הויכער און אַ שלאַנקער, מיט אַ פריינדלעכן און ערנסטן פּנים, מיט אַ ביסל מאָנגאָלישע, טיפּיש רוסישע ליניעס אויף זיינע מאָגערע באַקן, מסתמא געוועזן אַ קאַוואַלערי־אָפיציר אין דער אַרמיי.

זיין נאָמען איז געוועזן קאַליובאַקין. ער האָט געהערט צו דער ליבעראַלער, אַזוי־גערופענער קאַדעטן־פּאַרטיי ("קאַ־דע" ד. ה. "קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי"). ווען סטאָליפּין, דער פּרעמיער־מיניסטער, וועלכער איז שפּעטער דערשאָסן גע־וואָרן אין קיעוו, אין טעאַטער, אין אָנוועזנהייט פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, פון דעם יידן באַגראָף, אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער און אין דער אייגענער צייט אַן אַגענט פון דער אָכראַנע, ד. ה. די געהיימע פּאָליטישע פּאָליציי, ווען סטאָליפּין האָט צעטריבן די ערשטע דומאַ איז קאַליובאַקין געווען צווישן די עטלעכע הונדערט דעפּוטאַטן, וועלכע זיינען אַוועק קיין וויבאָרג, אַן אַלטע שטאָדט אין פינלאַנד, אַ פּאָר שעה פאָרן פון פּעטערסבורג, און דאָרט אונטערגעשריבן דעם באַרימטן פּראָטעסט־אויפרוף צום רוסישן פאָלק. דער אויפרוף־פּראָטעסט האָט נישט געהאַט קיין וויכטיקע קאָנסעקווענצן פאַר דער רעגירונג. די רעאַקציע האָט סיי ווי סיי

געבושעוועט, ניקאָלאַי דער צווייטער (און לעצטער), האָט סיי ווי סיי אָפן מאַניפעסטירט זיין שנאה און פאַראַכטונג צו דעם פאַר־לאַמענט און דער ״בונד פון דעם פאַראייניקטן אַפּעל״ (״סאָיוז אַביעדינענגאַ דוואַריאַנסטוואַ) איז געווען דער כוח, אויף וועלכן דער רעזשים פון צאַריזם האָט זיך געשטיצט.

די, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם אויפרוף פון וויבאָרג — ״וויבאָרזשצי״ האָט מען זיי גערופן — זיינען געמשפּט געוואָרן פאַר זייער אויפרוף, באַקומען קליינע שטראָפן, אָבער דערביי אויף שטענדיק פאַרלוירן זייערע פּאָליטישע בירגערלעכע רעכט. זיי האָבן מער נישט געקענט זיין קיין קאַנדידאַטן ביי די וואַלן צו דער דומאַ. זייער עפנטלעכע פּאָליטישע קאַריערע האָט זיך פאַרענדיקט. עס איז געווען אַ פּאָליטישער טויט־אורטייל.

קאָליובאַקין איז געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאַדעטן־פּאַרטיי. צו זיין אַ ״וויבאָרזשעץ״ איז געווען אַ גרויסער כבוד. עס איז געווען אַן אָפיציעלע אָנערקענונג פון דעם מאַנס פּאָליטישן קוראַזש אינעם קאַמף קעגן דעם מערדערישן רעזשים.

צווישן די הויפּט־פירערס פון דער קאַדעטן־פּאַרטיי און איינער פון די מחברים פון דעם פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי איז געווען אויך דער באַרימטער יידישער אַדוואָקאַט מאַקסים מאַי־סעיעוויטש ווינאַווער, רוסלאַנדס גרעסטער אויטאָריטעט אין פראַגן פון ציווילרעכט, אויך איינער פון די איינפלוסרייכסטע יידישע פירערס. די גרופּע פון יידישע כלל־טוערס אַרום ווינאַ־ווער האָט געהאַט איר אָרגאַן, אַ וואָכנבלאַט אויף רוסיש ״נאָווי וואָסכאָד״, רעדאַגירט פון זיין שוואָגער לעאָפּאָלד אַלעקסאַנדראָ־וויטש סעוו. אין דעם בלאַט האָבן זיך באַטייליקט וויכטיקע יידי־שע שרייבערס, ווי למשל, אונדזער היסטאָריקער ש. דובנאָוו, ש. אַנ־סקי און אַ סך אַנדערע. איך האָב געאַרבעט אין דעם בלאַט פון אָנהויב פון זיין גרינדונג אין 1906 ביז צום אונטערגאַנג פון דער גאַנצער פרייער רוסישער פּרעסע, ווען דער באָלשעוויס־טישער רעזשים האָט אַ סוף געמאַכט צום פרייען וואָרט אין לאַנד.

עס זיינען געווען פינסטערע, פאַרבלוטיקטע טעג סוף 1914.

עס זיינען אָנגעגאַנגען אויפֿן גאַנצן פּראָנט שווערע שלאַכטן און די רוסישע אַרמיי האָט אומעטום געמוזט אָפּטרעטן. לאָדזש, וואו די רוסישע אַרמיי האָט געשטעלט אַ געוואַלדיקן ווידערשטאַנד, איז געפֿאַלן אין דייטשע הענד. די שפּיאָנאַזש־געשיכטע פֿון מיאַסאָיעדאָוו איז אויפֿגעבויט געוואָרן פֿונעם רוסישן הויפּט־קוואַרטיר, כדי צו פֿאַרטומלען די מוחות און צו פֿאַרדעקן די שאַנדע פֿון די מפּלות, אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעשטעלט דעם מאַרש פֿון די דייטשן אויף וואַרשע.

אָט אין אַזאַ פֿינסטערן, נאַסן ווינטער־טאָג טרעף איך פּלוצ־לונג אין דעם "בריסטאָל"־האָטעל קאָליובאַקין. נישט אויסגע־האַלטן, טראַכט איך, פֿאַרט געקומען קיין וואַרשע, נאָענט צום פֿראָנט, נאָענט צו דער ברענענדער ערד און צו דעם אומפֿאַר־מיידלעכן צוזאַמענבראָך. קאָליובאַקין האָט געוואוסט אַלץ וועגן דעזאָרגאַניזאַציע און דעמאָראַליזאַציע הינטער דעם פֿראָנט. איך האָב אים געקענט דערציילן נאָר מיינע פּערזענלעכע איינדרוקן. עס איז אָבער געווען גענוג צו זיין עטלעכע טעג אין וואַרשע, כדי צו זען מיט אייגענע אויגן די קאַטאַסטראָפֿע. קאָליובאַקין האָט געהערט און געשוויגן.

מיר זיינען עטלעכע שעה אַרומגעגאַנגען איבער די נאַסע פֿון רעגן גאַסן פֿון וואַרשע. ער האָט געשוויגן און איך האָב גערעדט.

איך האָב גערעדט, ווייל קאָליובאַקין האָט מיך דערשיטערט מיט דער מיטטיילונג, אַז ער האָט דערלאַנגט אַ בקשה צום צאַר, מען זאָל אים, דעם וויבאָרזשעץ, וואָס האָט פֿאַרלוירן פּאָליטישע רעכט, דערלויבן אַריינטרעטן אין דער אַרמיי אַלס געוועזענעם רעזערווע־אָפֿיציר. איצט וואַרט ער אויף אַן ענטפֿער...

— גאָט איז מיט איך, האָב איך זיך געבעטן ביי אים. עס פֿעלן דען מענטשן אין דער אַרמיי. עס איז נישטאָ קיין אָרגאַני־זאַציע און דאָס קענט איר נישט אויסבעסערן. עס איז נישט קיין קאַמף צווישן גלייכע אַרמייען. די דייטשן זיינען אַ גלענצנד אָרגאַניזירטע אַרמיי. עס איז אַ מאַסאַקר, אַ שחיטה....

איך האָב גערעדט און ער האָט געשוויגן. ווען ער האָט גע־

זען, אַז ער דאַרף מיר ענטפערן, זאָגן אַ וואָרט, האָט ער, איג־גאַנצן דערשלאָגן, קוים געקענט מיר זאָגן :

— ווען איינער רופט דאָס לאַנד צו קעמפן, אויפשטעלן זיך קעגן דעם שונא, מוז ער אַליין קעמפן, נישט נאָר רופן אַנדערע...

איך האָב געהאַט געגוג אַרגומענטן אַלס אַן ענטפער אויף זיין אויפריכטיקן, ערלעכן פּאַטריאַטישן אַרגומענט, אָבער איך האָב זיך נישט געקענט דערלויבן צו ברעכן זיין האַרץ און דערציילן אים אַלץ וועגן דעם, וואָס עס קומט פאַר אויף דעם פראָנט. דאָס זיינען נישט געווען קיין סודות. גאַנץ וואַרשע האָט עס געוואוסט. מסתמא האָט עס געוואוסט אויך קאַליובאַקין. איך האָב נישט געטראָפן קיין מענטשן, וואָס האָט געגלויבט, אַז די רוסישע אַרמיי וועט זיין אימשטאַנד שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשן. עס האָט נישט געפעלט קיין אידעאַליזם און גרייטקייט צו קעמפן נישט ביים סאָלדאַט און נישט ביים אָפיציר, אָבער די קריגס־לייטונג איז געווען אין די הענט פון דעם משוגענעם באַרבאַר, גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, און זיין קליקע, וואָס האָט געהאַט די פליכט צו זיין געהאַרכזאַם און טאָן נאָר דאָס וואָס מען הייסט. אין פּעטערסבורג, אין צענטער, האָט מען געוואוסט, אַז דער משוגענער פירט דאָס לאַנד צו אַ קאַטאַסטראָפע, אָבער קיינער האָט נישט געוואָגט אָפן צו פּראָטעסטירן. דער צאַר אַליין האָט נישט געוואָגט. ביז עס איז געקומען די גרויסע קאַטאַס־טראָפע אויף דעם מערב־פראָנט און מען האָט אים געמאַכט פאַר דעם הויפּט־קאָמאַנדירנדן אויף דעם קאַווקאַזישן פראָנט.

איך האָב גערעדט, קאַליובאַקין האָט געשוויגן. איך האָב גע־זאָגט :

— די מלחמה וועט דאָך נעמען אַ סוף. רוסלאַנד וועט זיך באַנייען. איר און אייערע מענטשן וועלן דאַרפן איבערנעמען די רעגירונג, די אַדמיניסטראַציע, איבערבויען דאָס לאַנד. ווער דען אויב נישט איר ? פאַרוואָס דאַרפט איר מאַכן דעם פאַטאַלן שריט ?

ער האָט געענטפערט :

— דער וואָס רופט דאָס לאַנד צו קעמפן קעגן דעם שונא, מוז אַליין גיין קעמפן...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט קאָליובאַקין באַקומען די מיטטיילונג, אַז אין אַ מזלדיקער שעה איז אים דערלויבט אַריינ־צוטרעטן אין דער פראָנט־אַרמיי. זיין קייזערלעכע מאַיעסטעט האָט באַוויליקט זיין בקשה. קאָליובאַקין איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אַריינגעטרעטן אין דעם אַקטיוון דינסט פון דער פראָנט־אַרמיי. ס'איז געווען גראָד די צייט, ווען מען האָט באַשטימט דער־וואַרטעט אַ גרויסע דייטשע אָפּענסיווע. די רוסישע אַרמיי האָט באַשלאָסן צו פאַרלויפן דעם וועג די דייטשן און מיט אַ פּאָר טעג פריער אָנהויבן איר אַטאַקע קעגן דעם דייטשן פראָנט. די דייטשן האָבן געענטפערט מיט אַ שרעקלעכן פייער.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער בין איך נאָכגעגאַנגען אַ גרויי־סער צאָל מענטשן אין דער לויה פון קאָליובאַקין...

# אָסקאַר לעווערטין

## (1906 — 1862)

### 1

דער 22־טער סעפּטעמבער 1906, ווען דער דיכטער, פּובליציסט און קונסט־היסטאָריקער אָסקאַר לעווערטין איז פּלוצלונג געשטאָרבן, איז פאַרבליבן אַ שוואַרצער טאָג אין דער געשיכטע פון דער נייער שוועדישער ליטעראַטור. דאָס גאַנצע לאַנד, אַלע קרייזן פון דער געזעלשאַפט, פריינד און קעגנערס, אייגענע און פרעמדע, זיינען דערשיטערט געוואָרן פון דער נייס, אַז דער יונגער, — לעווערטין איז אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון 44 יאָר, — ענטוזיאַסטישער און גלענצנדיקסטער סטיליסט, אָנפירער פון די "יונגע" אינעם לאַנג־דערוואַרטעטן קולטור־רענעסאַנס איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. דער אויסגעשפּראָכן־יידישער טעמפּעראַמענט פון לעווערטין האָט זיך אויף אַ באַזונדערן אופן מאַניפעסטירט אין זיין אומבאַגרענעצטער ליבע צו שוועדן און צו אַלץ וואָס איז געווען שוועדיש. זיין ערלעכע פּען האָט ביי קיינעם נישט אַרויסגערופן קיין צווייפל און קיינער האָט זיך נישט געוואונדערט, אַז ער איז געווען דער ערשטער צו האָבן קוראַזש און שאַרף קריטיקירן אַזאַ ליטעראַרישן גדול, ווי אויגוסט סטרינדבערג, דעם געניאַלן, אָבער שטאַרק צעדרייטן דראַמאַטורג. אָסקאַר לעווערטינס טויט איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ נאַציאַנאַלן אומגליק, פאַרוואָס?

גלענצנדע יידישע פערזענלעכקייטן זיינען אויך פאַר לעצ־ווערטין נישט געווען קיין זעלטנקייט אין סקאַנדינאַוויע. דער גרעסטער מאָלער פון שוועדן איז געווען ערנסט יאָזעפסאָן, די גרעסטע ליטעראַטור־היסטאָריקער אין שוועדן זיינען געווען די פּראָפעסאָרן שיוק און וואַרבורג. דער גרעסטער פאַרלאַג אין שוועדן איז געווען — און איז געבליבן ביז היינט — אַן אונטער־נעמונג, וואָס געהערט דער משפחה באָניער. דער נאָמען איז אַ פראַנצויזישע איבערזעצונג פונעם יידישן נאָמען גוטקינד. די באָניערס זיינען אָנגעקומען מיט איבער הונדערט יאָר צוריק פון דיסעלדאָרף קיין דענעמאַרק און פון דאַנען אויסגעוואַנדערט קיין שוועדן. דעם פאַרלאַג געהערט אויך איינע פון די גרעסטע, אויב נישט די גרעסטע צייטונג אין אייראָפּע "דאַגענס ניהעטער", — "נייעס פון טאָג" — אין שטאָקהאָלם.

און אויב מען רעדט וועגן דער באַטייליקונג פון יידן אין דעם סקאַנדינאַווישן קולטור־לעבן, מוז מען נאַטירלעך פריער פון אַלץ דערמאָנען דעם קליינעם יידישן ישוב אין דענעמאַרק. די צוויי ברידער געאָרג און עדוואַרד בראַנדעס זיינען געווען די אמתע, די אַקטיווע אָנפירערס אין דעם גרויסן קולטור־קאַמף אין צפון־אייראָפּע, זייער איניציאַטיווע און זייער דינאַמיזם לאָזן זיך גאָר נישט אָפּשאַצן. צו די קלאַסיקער פון דער דענישער ליטע־ראַטור נאָך פאַר זייער אויפקום געהערן דער דראַמאַטורג הענריק הערץ און מאיר גאָלדשמידט. געאָרג בראַנדעס, דער וועלט־באַ־רימטער ליטעראַטור־היסטאָריקער, האָט הויך געשעצט זייער ליי־טעראַרישע פּראָדוקציע, אָבער זייער קריטיש געווען צו זייערע "אינפעריאָריטי קאָמפּלעקסן"; דער ערשטער האָט זיך געשמדט און באַהאַלטן שטענדיק זיין יידיש פּנים, און דער צווייטער, פאַר־קערט, האָט ביי יעדער געלעגנהייט, וואו מען האָט געדאַרפט און וואו מען האָט נישט געדאַרפט, די גאַנצע צייט אויסגערופן: "איך בין אַ ייד!", "געדענקט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט: "איך בין אַ ייד!...".

כדי דאָס זאָל באַלד ווערן קלאָרער, מוז דאָ באַמערקט ווערן, אַז די דאָזיקע צוויי דענישע יידישע שרייבערס זיינען שטענדיק

געווען אַ סך געלייענט אין גאַנץ סקאַנדינאַוויע, נישט נאָר אין דענעמאַרק. מען קען זיך קוים פאָרשטעלן אַ געבילדעטן שוועדישן אָדער נאָרוועגישן מאַן, וועלכער האָט נישט געלייענט גאָלד־שמידטס ראָמאַן "דער ייד", אָדער זיינע גרויסע נאָוועלן "אַבראַמ־טשע נאַכטיגאַל" אָדער "מעשר". הערצס קאָמעדיעס ווערן ביז היינט געשפּילט.

2

אַ זון פון אַ יידישן אַנטיקוויטעט־הענדלער, אויסגעוואַקסן אין אַן אַלטמאָדישער קליינבירגערלעכער יידישער סביבה, וואו די גאַנצע יידישקייט איז באַשטאַנען אין פייערן יידישע יום־טובים, בשעת זייערע אַלע קולטור־אינטערעסן האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום פראַנצויזישער קונסט, איז אָסקאַר לעווערטין נישט אויס־געוואַקסן אַ פּראָווינץ־אינטעליגענט. ער האָט פאַרבראַכט יאָרן און יאָרן אין פראַנקרייך, אין דער שווייץ, אויף אַ סך רייזעס. דאָס וויכטיקסטע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט גוט פאַרשטאַנען, גוט געפילט און גוט געוואוסט, אַז דאָס לאַנד וואו ער איז געבוירן, אַמאָל שטאַרק פאַראָרימט און קולטורעל שטאַרק הינטערשטעליק, געפינט זיך אין אַ צייט פון באַנייאונג און אויפקום. ער האָט מיטגעמאַכט דעם אויפקום, מיטגעאַרבעט אין דער גרויסער פּובליציסטיק, געוואָרן אַ נאָוועליסט פון ערשטן ראַנג, געלערנט מיטן יונגן שוועדישן דור קונסט־געשיכטע — אָנגעהאַלטן די קאַטעדרע אין דער שטאָקהאָלמער הויך־שול, וועלכע די פאַמיליע באָניער האָט פאַר אים געגרינדעט דורך שאַפן אַ ספּעציעלן פאָנד.

עס איז אינטערעסאַנט צו זען, ווער זיינען געווען די שפּיצן פון דער שוועדישער ליטעראַטור אין יענער צייט. אָט זיינען אַ פּאָר נעמען, וועלכע זיינען באַקאַנט אין דער גאָרער וועלט: סטרינדבערג (1849 — 1912), סעלמאַ לאַגערלעף (1858 — 1940), סנאָילסקי (1841 — 1903), היידענשטאַם (1859 — 1940), מיט דעם לעצטן איז לעווערטין (1862 — 1906) געווען אינטים באַ־

פריינדעט. לעווערטין, זאָל דאָ זיין דרך־אגב באַמערקט, האָט נישט דערלעבט צו זיין אַן עדות פון שוועדנס נאַציאָנאַלער שאַנדע, ווען דער געעלטערטער פאַן היידענשטאַם, אַמאָל אַ באַגייסטער־טער תלמיד פון געאָרג בראַנדעס, איז געוואָרן אַ הייסער חסיד פון היטלערס פאַנגערמאַניזם. מיט אים איז געשען דער אייגענער אומגליק, וואָס איז געשען אין דער זעלבער צייט מיט קנוט האַמסון אין נאָרוועגיע...

אַזוי גרויס איז געווען דער ליטעראַרישער פרעסטיזש פון לעווערטין, אַז די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן, פון 1־טן מאַי 1897 ביז דעם 30־טן סעפּטעמבער 1906, איז ער געווען דער אָנגעזעענער ליטעראַטור־קריטיקער פון דעם גרויסן בלאַט "סווענ־סקא דאגבלאַט", (דאָס שוועדישע טאַגעבלאַט). דער לעצטער אַר־טיקל איז געדרוקט געוואָרן אַכט טעג נאָך זיין טויט. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אי דער ערשטער אי דער לעצטער אַרטיקל פון אָסקאַר לעווערטין זאָלן זיין געווידמעט אויגוסט סטרינדבערג. חוץ ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען האָט ער געשריבן לייט־אַר־טיקלען אויף קולטור־פּאָליטישע פּראָבלעמען, רייזע־בריוו פון דער שווייץ און האָלאַנד און דערצו נאָך — קאָרעספּאָנדענצן פון פראַנקרייך, פונעם דרייפוס־פּראָצעס....

מיר ווילן זיך שפּעטער אָפּשטעלן אויף זיין גאַנץ ספּעציעלער יידישער טעמאַטיק, זיין גייסטיקער אינטערעס, זיינע קולטור־אַמ־ביציעס אינעם שוועדישן "שטורעם און דראַנג" זיינען געקומען הויפּטזאַכלעך פון זיין פיינער יידישער קולטור־היים, פון זיין ליבע צו פראַנצויזישער קונסט, אָדער אפשר נאָך מער פון זיין באַוואונדערונג פאַר דעם אַלט־גריכישן הומאַניזם. האָט ער נאָ־טירלעך געמוזט אויסזען אין די אויגן פון אַ סך פון זיינע שווע־דישע לאַנדסלייט ווי אַ מערקווירדיקע, אָבער זייער פאַסצינירנדע עקזאָטיק. זיכער האָט ער ליב געהאַט די שוועדישע נאַטור, די שוועדישע וועלדער, אָבער דאָס זיינען פאָרט נישט געווען פאַר אים, נישט געקענט זיין, אַפּאַטאָשוס "פוילישע וועלדער". די שוועדישע געטין סוועאַ איז פאַר דעם דיכטער נישט געווען קיין וואַנדאַ פון דער ווייקסל...

איינס פון זיינע ערשטע ווערק הייסט "גוסטאַוו דער דריטער". דאָס איז דער נאָמען פון דעם יונגן, שיינעם און גייסטרייכן קעניג, וועלכער איז אין 1792 דערשאָסן געוואָרן בשעת אַ מאַסקן־באַל אין דער אָפּערע, אַ קרבן פון אַ קאָנספּיראַציע פון דעם קאָנסער־וואַטיוון אַדל. עס האָט געשטורעמט אין פראַנקרייך די רעוואָ־לוציע און די קעפּ פון דעם קעניג און פון דער קעניגין זיינען אָפּגעהאַקט געוואָרן, אָבער דאָ, אין דעם אייז־פאַרגליווערטן צפון האָט אַ באַנדע פון פאַרשווערערס אומגעבראַכט אַ הערשער, וואָס האָט געוואָלט אַ סוף מאַכן צום מיטלאַלטער, געוואָלט אַריינבלאָזן אַ נייע נשמה אין דעם פאַרוויסטן און פאַראָרימטן לאַנד, געוואָלט באַפרייען דאָס דערנידעריקטע און אויסגעמאַטערטע פּויערטום.

עס איז אַ גרויסאַרטיק בוך, דאָס בוך איז אַן אויסגעצייכנטער דאָקומענט סיי וועגן דעם בראַוון יונגן קעניג און נישט ווייניקער וועגן דעם מחבר מיט זיין יידישער נאָז, מיט זיינע געקרייזלטע האָר און זיינע שיינע פלאַם־ און פייערדיקע אויגן. מען זעט דעם קאָפּ אויף דעם באַרימט־געוואָרענעם בילד פון קאַרל לאַר־סאָן, איינער פון די גרעסטע שוועדישע קינסטלערס.

גוסטאַוו דער דריטער איז געווען אַ קאָמפּליצירטע פּערזענ־לעכקייט, ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַבנאָרמאַלע אומשטענדן, דורכגעמאַכט אין זיין אייגענעם לאַנד אַ מין רעוואָלוציע, און געהאַט קעגן זיך נישט נאָר דעם אַדל — זיין אייגענע מוטער, די דייטשקע לאָוויסאַ אולריקאַ, איז געווען זיין גרעסטער שונא. און לאָוויסאַ אולריקאַ איז געווען אַ שוועסטער פון פרידריך דעם גרויסן, אַ פיינד פון דעם מיטלאַלטער און פון די פּריווילעגיעס פונעם אַדל, איז ער אַליין, גוסטאַוו דער דריטער, געשטאַנען מיט איין פוס אין מיטלאַלטער און מיט אַ צווייטן געטאַפּט אין די נייע צייטן.

אָסקאַר לעווערטין איז געוואָרן פאַרכאַפּט פון דער דאָזיקער מערקווירדיקער פּערזענלעכקייט, האָט געפאָרשט די קולטור־גע־שיכטע פון יענער עפּאָכע אין שוועדן און האָט מיט זיין היסטאָ־רישער אַנאַליזע אַריינגעבראַכט זיין אייגענע באַלויכטונג פון דער פּערזאָן פון גוסטאַוו דעם דריטן.

3

יעדעס מאָל ווען עס קומט מיר אויס צו לייענען יידישע פּאָעזיע, געשריבן פון סקאַנדינאַוויש־יידישע פּאָעטן אין די סקאַנ־דינאַווישע שפּראַכן, דערמאָן איך זיך מיין וואַנדערן איבער דעם גרויסן וואַלד, וואָס פירט פון דעם אַמאָל דורך און דורך יידישן שטעטל ראַסיין, אין ליטע, קיין פּאָניעוויעזש. עס איז געווען מיט אַ פופציק יאָר צוריק. דער וואַלד איז געווען טיף פאַרשאָטן מיט אַ ריינעם, ווייסן שניי, אָבער פון אַ מאַסע ריזיקע דעמבעס זיינען געהאַנגען קוסטעס מיט הערלעכע רויטע פּירות — יאַגדעס. עס איז געווען אַ פאַנטאַסטיש, אומפאַרגעסלעך בילד, דאָס ווייסע און דאָס רויטע אין דער דורכזיכטיקער קלאָרער לופט...

אַזוי זעט אויס פאַר מיר די יידיש ליריק פון די סקאַנדי־נאַווישע יידישע דיכטער. אָט איז דאָס ביכעלע פון דעם גרעסטן שוועדישן מאלער ערנסט יאָזעפסאָן (1851 — 1906), וועמענס לעבן איז אויף אַ טראַגישן אופן פאַרשניטן געוואָרן פון אַ שווע־רער גייסטיקער קראַנקהייט. עס איז דאָ אַ גרויסע ליטעראַטור וועגן ערנסט יאָזעפסאָנס קונסט, שווערע, רייך־אילוסטרירטע בענ־דער, אָבער נאָר צופעליק, דרך־אַגב ווערט דערמאָנט די קליינע זאַמלונג פון זיינע געדיכטן אונטער דעם נאָמען "שוואַרצע און רויטע רויזן". דער קינסטלער האָט אַ סך געוואַנדערט, זיינע בילדער פון שפּאַניע זיינען אַן אמתער אוצר. אָבער ערגעץ־וואו האָט געטליעט אַ פּייערל פון יידישקייט און האָט געזוכט פאַר זיך אַ וועג.

עס איז אויסערגעוויינלעך דער יידישער גורל אַלס פאַלק. ערשט מיט אַ יאָר צוריק האָט די שוועדישע אַקאַדעמיע פון די אומשטערבלעכע אויפגענומען אַלס איר מיטגליד אַן אַנדערן יאָזעפסאָן, פון דער אייגענער משפחה, פּראָפעסאָר עמעריטוס ראַגנאַר יאָזעפסאָן, אַ פּראָפעסאָר אין קונסט־געשיכטע, אַ מחבר פון אַ גרויסער צאָל וויכטיקע ביכער, צווישן זיי אויך גרויסע ווערק וועגן פּאַריז און רוים. מען האָט אים ביים אויפנעמען אין דער אַקאַדעמיע שטאַרק געריםט אַלס איינעם פון די גרעסטע

קונסט־געשיכטלער. מען האָט אָבער פאַרגעסן צו דערמאָנען די צוויי "ביכלעך", וואָס ליגן איצט אויף מיין שרייבטיש: "קעדיאַן" ("די קייט"), אַרויסגעגעבן אין שטאָקהאָלם אין 1912 און "יודיסקאַ דיקטער" (יידישע געדיכטן), אַרויסגעגעבן אין שטאָקהאָלם אין 1916 אין דעם פריער־דערמאָנטן באָניער־פאַרלאַג.

ווען דער מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרשטאָרבענער רב הכולל פון שוועדן, ד"ר מרדכי ערענפרייז, איז אָנגעקומען (פון בולגאַריע) קיין שוועדן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט באַשלאָסן צו באַקענען שוועדן מיט דעם מאָדערנעם יידנטום און מיט דער נייער יידישער ליטעראַטור, האָט ער געפונען אין ראַגנאַר יאָזעפסאָן, פּראָפעסאָר פון קונסט־געשיכטע אין דעם אוניווערסיטעט פון לונד, אַ באַגייסטערטן און איבערגעגעבענעם מיטאַרבעטער. די מיטאַרבעטערשאַפט האָט געבראַכט גרויסע רע־זולטאַטן, אַ גאַנצע רייע מיט איבערזעצונגען פון יידיש און העב־רעאיש.

ראַגנאַר יאָזעפסאָנס אַ ברודער, גונאַר יאָזעפסאָן, איז אין פאַר־לויף פון פינף און צוואַנציק יאָר געווען דער ראש הקהל פון שטאָקהאָלם. דער זון פון גונאַר יאָזעפסאָן, ערלאַנד יאָזעפסאָן, איז אַ באַקאַנטער שוישפּילער אין קעניגלעכן טעאַטער פון שטאָק־האָלם און איז זיכער היינט דער וויכטיקסטער דראַמאַטורג פון שוועדן. דאָס איז אַלץ מער אָדער ווייניקער "אין אָרדנונג", וואָס איז אָבער נישט אַזוי גרינג צו פאַרשטיין איז זיין שריפטשטעלער־קאַריערע. ערלאַנד יאָזעפסאָן איז ביז איצט דער מחבר פון אַ רייע גלענצנדע נאָוועלן, ס'רוב פון אַ יידישן אינהאַלט. מיט צוויי יאָר צוריק איז דערשינען זיין גרויסע נאָוועלע "מעשה זיל־בערשטיין", אַ גרויסאַרטיק געשריבענע פּסיכאָלאָגישע שטודיע פון אַן איינזאַמען, פאַרוואָגלטן יידן, וועלכער האָט אַלץ און אַלע־מען אין היינטיקע משוגענע צייטן פאַרלוירן און ווינטשט נאָר איינס, מען זאָל אים לאָזן צורו, מען זאָל נישט צונעמען ביי אים זיין איינזאַמקייט. דאָס צערייצט גראָד די נייגעריקייט פון זיינע קריסטלעכע שכנים און מען דערגייט דעם יידן די יאָרן, אַזוי ווייט, אַז ער איז גרייט צו נעמען זיך דאָס לעבן.

אויך אין אַ פריערדיקער נאָוועלע האָט ערלאַנד יאָזעפסאָן געשילדערט דעם אויסגעשפּראָכענעם שאַרפן קאָנטראַסט צווישן ייד און קריסט. און דער קינסטלער, וועמענס מוטער איז נישט געווען קיין יידישע פרוי, איז קיין מאָל נישט געווען נאָענט צו יידן און צו יידישע אינטערעסן...

פון וואַנען־זשע קומען די פענאָמענאַלע מאַניפעסטאַציעס פון צעזייטע און צעשפּרייטע איבער דער גאָרער וועלט יידישע נשמות ?...

4

אָסקאַר לעווערטין האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ רייכע ירושה: פיר און צוואַנציק בענדער פאַרנעמען זיינע געזאַמלטע שריפטן. זיי הויבן זיך אָן מיט "לעגענדן און לידער". דער צוויי־טער באַנד באַשטייט פון "נייע געדיכטן" און דער גרויסער באַ־לאַדע "שלמה המלך און מאָסאָלף". עס קומט אַ לאַנגע רייע פאָר־טרעט־שטודיעס, עטלעכע בענדער שוועדישע און נאָרדישע ליטע־ראַטור, שוועדישע קונסט, דיכטער און בעלי חלומות, פרעמדע קונסט, פרעמדע ליטעראַטור א. אַ. וו.

אָסקאַר לעווערטין איז נישט געווען קיין לעבעמאַן לויט געוויינלעכע שוועדישע מוסטערן, אָבער קיין טרוקענער, קאַבינעט־געלערנטער, וואָס זוכט איינזאַמקייט און באַגנוגנט זיך מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט, איז ער אויך נישט געווען. חוץ זיינע וויסנ־שאַפטלעכע פאָרשונגען און זיינע לעקציעס צו וועלכע מען האָט זיך געדאַרפט גוט גרייטן, האָט ער אַ סך געשריבן אויס־פירלעכע ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען פאַר "סווענסקאַ דאַג־בלאַט", וואו עס האָבן געשריבן נאָר גרויסע שרייבער און גע־לערנטע, איז נישט קיין וואונדער, וואָס זיין געזונט איז שוין אין די יונגע יאָרן געוואָרן געבראָכן און ער האָט געמוזט פון צייט צו צייט פאָרן קיין דאַוואָס אין דער שווייץ, אַ באַרימטער פלאַץ פאַר לונגען־קראַנקע. ער האָט געאַרבעט אינטענסיוו און שטענדיק ליידנשאַפטלעך, באַהויכט און באַוועגט. אויף דער פראַגע,

פון וואַנען האָבן זיך ביי אים גענומען כוחות, איז דאָ אַן ענטפער, עס איז אַלץ געקומען פון דער היים פון די עלטערן, פון דער יידישער היים. אין אַ ליד, וואָס הייסט "דער פאָטער", שילדערט ער זיין פאָטער, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזן די וועלט, מיט אַ זעלטענעם פּאַטאָס, זיין גייסטיקן אוצר, זיין קרישטאָל־ליכטיקע נשמה, זיינע שטראַלנדיקע אויגן. ער האָט פון פאָטער באַקומען די ליבע צו שיינקייט, פונקען פון זיין רייכער נשמה, פול מיט פרייד און ליבע צום לעבן. פרום אָדער נישט־פרום, אָבער נישט געזוכט קיין רייכטום.

דאָס איז נישט קיין שוועדישער פּאַטאָס. און אין דער גרוי־סער פּאָעמע "שיילאָק", און אין די שמועסן, וועלכע שלמה המלך פירט מיטן שוואַרצהויטיקן מאָסאַלף, און אין אַלע זיינע אַנדערע יידישע געדיכטן גליט אונדזער פּאַטאָס, יידישער פּאַטאָס, נישט שוועדישער. דערפאַר אפשר האָט אַזוי שטאַרק געצויגן צו אים די שוועדישע יוגנט, דאָס מערקווירדיקע געמיש פון אור־אַלטן יידישן געמיט און פון דער ריין־שוועדישער קלאָרער גייסטיקייט.

דער דערפאָלג פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן געמיש, זיינע בריליאַנטענע שילדערונגען פון דער שוועדישער נאַטור האָבן ביי געוויסע שוועדישע עלעמענטן אַרויסגערופן צייטנווייז אַ מין גערייצטקייט און מען האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער, דער ייד, "עקספּלואַטירט" זיין ליבע צו שוועדן און צו שוועדישער ליטע־ראַטור־געשיכטע. ביי לעווערטינען פלעגן אַזעלכע אומגעלומפּער־טע טענות אַרויסרופן שטאַרקע פאַרביטערונג.

אינטערעסאַנט איז דאָ צו ברענגען אַ ציטאַטע פון אַ בוך, וואָס עס האָט וועגן לעווערטינען געשריבן אַ באַקאַנטער און זייער טאַלענטירטער, נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער שוועדישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, האָלגער אַלעניוס, אַ קרוב פון אָסקאַר לעווערטין:

" — לעווערטין האָט זיך געגרייט שרייבן אַ יידישן ראָמאַן, אָבער דער פּלאַן איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין דעם פּלאַן פאַר דעם ראָמאַן האָט ער אָנגעשריבן: "די ראַסע איז גאָר־נישט, די ליבע איז אַלץ". פון אַלע זיינע אויסגעדיכטעטע גע־

שטאַלטן איז דער, וועלכער ווי שלמה המלך טראָגט אין זיך זיין (לעווערטינם) אייגענעם ווען, איז אָן שום צווייפל "קאַלאָנימאָס", דער יונגער יידישער בעל־חלומות אין דער ראָקאָקאָ־נאָוועלע מיט דעם אייגענעם נאָמען, וועלכער וואַנדערט פון איין געמיינדע צו דער צווייטער און פּרעדיקט דאָס עוואַנגעליום פון ליבע און ברו־דערשאַפט און שלום. אָבער לעווערטין איז געווען פאַרביטערט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז די ראַסע לייגט אַרויף איר שטעמפּל אויף דעם מענטשן און ער אַליין האָט קיין מאָל נישט פאַרזוכט צו באַפרייען זיך פון דעם שטעמפּל. מיר ווילן דאָ נישט פאַר־נעמען זיך מיט לעווערטינס באַציאונג צו זיין יחוס־ און ראַסע־ירושה, צו דעם יידישן געדאַנקען־גאַנג און יידישע טראַדיציעס... נאָר אַזוי פיל מוז דאָ פעסטגעשטעלט ווערן, אַז נישט לעווערטין און נישט אַנדערע צאָלרייכע געבילדעטע יידן, וואָס האָבן פאַר־נומען אַ הויכע סאָציאַלע שטעלונג אין שוועדן, האָבן פאַרזוכט צו באַהאַלטן אָדער פאַרדעקן ("מאַסקירן") זייער ראַסע. ערלעך און מיט אַ גלייכן, שטאָלצן רוקן, איז ער געשטאַנען פאַר זיין יידנטום. יידישע מאָטיוון זיינען זייער צאָלרייך אין זיין דיכטונג, מיט דער געשטאַלט פון שלמה המלך האָט ער זיך באַנוצט אין זיין גרויסן לירישן אָפּרעכענען זיך מיט דער וועלט און מיט זיך אַליין".

דער שרייבער פון די שורות האָט זיך געטראָפן מיט יאָרן צוריק מיט האָלגער אַלעניוס און ער ווייסט, וואָס פאַר אַ ביטערער ערנסט עס ליגט אין זיינע ווערטער. אַלעניוס שרייבט ווייטער:

" — צוזאַמען מיט זיין פאָלק ("ראַסע") האָט לעווערטין גע־האַט אויסצושטיין און צו ליידן און צו האָפן, ווען דאָס פאָלק איז געווען אונטער דעם דרוק פון האַס און פון פאַרפאָלגונגען. די כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, איז ווייט נישט געווען אַזוי שטאַרק, נישט צו פאַרגלייכן מיט דעם, וואָס פאַרגיסט איצט די וועלט (די ווערטער האָט אַלעניוס געשריבן סוף 1934, ווען דער דייטשער ראַסיזם האָט זיך צעשפּילט — וול. גר.), אָבער דער דרייפוס־פּראָצעס איז גע־

ווען געגוג, כדי איבערצולאָזן אַ טיפּן שפּור אויף זיין געמיט....
אין אַ בריוו צו געאָרג בראַנדעס וועגן זיין יידישער פּאָעמע
"קאַלאָנימוס" האָט לעווערטין דעמאָלט געשריבן: וואָס עלטער
מען ווערט — יעדנפאַלס אויף וויפל עס האָט צו טאָן מיט מיר
— פילט מען אַלץ שטאַרקער דעם כוח פון בלוט־קרובהשאַפט
און האָפענונג, אַז דאָס יידנטום וועט איבערקומען דעם היינטיקן
שטורעם, ווי עס איז איבערגעקומען אַ סך אַנדערע שטורעמס".

אַלעניוס גיט דאָ אָפּ אַ וויכטיקע דערקלערונג:

" — אַז לעווערטין איז געווען אַ גוטער ייד, קען זיכער נישט
געצווייפלט ווערן, דאָס קען באַשטריטן ווערן נאָר פון דעם יידישן
נאַציאָנאַליזם, אָבער זיכער איז עס אויך, אַז ער איז געווען אַ
גוטער שוועד...".

מיר קענען גוט דאָס פּראָבלעם פון דער דאָפּלטער נאַציאָ־
נאַלער צוגעבונדנקייט ביי יידישע דיכטערס און שרייבערס פון
אַ סך ליטעראַטורן. לעווערטין איז נישט דער ערשטער און נישט
דער לעצטער. דאָס איז געשען מיט היינע און נאָך היינע, דאָס
איז געשען מיט דיזראַעלי אַלס ראָמאַן־שרייבער און נאָך דיז־
ראַעלי. דאָס איז געשען אין יעדער ליטעראַטור פון גרויסע און
קליינע קולטור־פעלקער. זיי, די, וואָס האָבן אַלס אַ מערהייט
באַהערשט די סצענע, האָבן נישט שטענדיק געקענט פאַרטראָגן
דאָס אַריינדרינגען פון כלומרשט אַ פרעמדן גייסט, וואָס האָט צו
זייער דערשטוינונג דערגרייכט די העכסטע מדרגות פון זייער
עמאָציאָנעלן שאַפן, נאָר אַ קליין הויפן יידן, ווייניקער פון צען
טויזנט נפשות, צווישן זעקס זיבן מיליאָן שוועדן אין סאַמע צפון
פון איראָפּע, און זיי האָבן זיך געלאָזט פון זיך אַזוי פיל הערן און
זען! דאָס האָט געמוזט אַרויסרופן אַ רעאַקציע ביי דער מערהייט,
אַ גוטע, אַ באַגייסטערטע, אָבער אויך אַ נעגאַטיווע און צייטנווייז
אַ בייזווויליקע.

5

אָסקאַר לעווערטין איז אָן שום צווייפל געווען אַ טייל פונעם

וועלט־יידנטום אַפּילו דעמאָלט, ווען ער האָט זיך געפילט אַ פול־בלוטיקער שוועד. איך ווייס דאָס גענוי. איך בין אויך געווען אין פּראַג, איך האָב אויך באַזוכט די טויזנט־יאָריקע "אַלט־נייע שול" און פון דאָרט געגאַנגען צו דעם גרויסן יידישן מאַרטירער־בית־עולם אין מיטן פון דער שטאָט. יעדער קבר איז דאָ אַ שטיק שרעקלעכע יידישע געשיכטע פון מיטלאַלטער. אַ סך קברים באַ־שטייען פון מערערע עטאַזשן. ערד איז געווען צו ווייניק און צו טייער. און יעדעס שטיקל ערד איז דאָ דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט. מען בלייבט דאָ ווי געליימט, ווען מען גייט דאָ אַרום צווישן די קברים און מען הערט זיך צו צו דער געשיכטע פון דעם בית־עולם.

און פאַרגליווערט בלייבט מען, ווען מען געפינט פלוצלונג ביי דעם שוועדיש־יידישן דיכטער אָסקאַר לעווערטין צווישן אַ סך אַנדערע יידישע געדיכטן אונטער דעם טיטל "יידישע מאָטיוון" זיין "אויפן יידישן בית־עולם אין פּראַג": נאָר זעכצן שורות זיינען דאָס, אָבער פון יעדער שורה טריפט יידישער האַרץ־ווייטאָג:

"לייגט נישט קיין בלומען, קיין קראַנצן
אויף די קברים, אויף זייערע ביינער,
קיין גרינע קראַנצן האָט זיי דאָס לעבן געגעבן,
נאָר שטיינער, לייגט שטיינער אויף די קברים!

"געטאָן אַזוי האָבן זייערע אָבות, געטריבן
פון לאַנד צו לאַנד מיט שפּאָט און שאַנדע,
הונדערטער יאָרן, אָן ליכט אין די געטאָס,
געשלאָגן פון יאָמער איז געווען זייער פאָלק.

"געפונען צולעצט האָט דער נע־ונדניק
אַ פּלאַץ צום אייביקן רוען
נאָך אַ היימלאָזער וואַנדערונג,
דאָס האַרץ צולעצט זיך באַפרייט
פונעם פרעמדן שפּאָט און אייגענע ליידן

לייגט נישט קיין בלומען אויף זייערע קברים
אַלס אַ צייכן פון ליבע
לייגט נישט קיין גרינס, לייגט שטיינער!״.

די ווערטער קלינגען נישט ווי שוועדישע ליריק, אָבער סיי ייד סיי שוועד, זיינען דערשיטערט געוואָרן פון לעווערטינס יאָמערן איבער די יידישע קברים, ״נישט ראָסע, נאָר ליבע איז וויכטיק״, האָט ער געפרעדיקט און בשעת ער האָט געיאָמערט, האָט ער ליבע געזוכט. האָט ער זי געפונען?

עס איז דאָ אַ גרויסע ליטעראַטור וועגן דעם לעבן און שאַפן פון אָסקאַר לעווערטין. עס איז מער ווי נאַטירלעך, אַז אין יעדער אָפּהאַנדלונג וועגן אים ווערט אַ סך גערעדט וועגן דער ליבע זיינער צו שוועדן און גלייכצייטיק וועגן זיין צוגעבונדנקייט צום יידנטום. דערביי איז זיין גייסט נישט געווען געשפּאָלטן אין צווייען. זיין גייסט האָט קיין מאָל נישט געפעלט קיין גאַנצקייט, עס איז ביי אים געווען אַבסאָלוטע גאַנצקייט.

דאָס אויספירלעכסטע און, איך מיין, אויך דאָס בעסטע ווערק וועגן לעווערטין האָט אָנגעשריבן זיין אינטימער פריינד אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, ווערנער סעדערהיעלם. צוויי גרויסע בענדער, צוזאַמען טויזנט זייטן, רעדט ער צום סוף פון דער אויספירלעכער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליזע פון די בלומרשט צוויי נשמות ביים דיכטער, וועלכע האָבן נישט אַרויסגערופן ביי אים קיין קאָנפליקט, נאָר פאַרקערט, זיינען געווען האַרמאָניש צוזאַמענגעגאָסן, צוזאַמענגעשמאָלצן:

״ — ער האָט ווייט אויסגעברייטערט דעם גייסטיקן האָריזאָנט פון זיין פאָטערלאַנד און דאָס גראָד וועט אַמאָל אָנערקענט ווערן מסתמא ווי די גרעסטע דערגרייכונג פון זיין לעבן. ער איז געווען דער אייגענער קולטור־פאַרמיטלער ווי אַ סך אַנדערע פון זיין פאָלק, וועלכע האָבן געוואַלדיק פיל בייגעטראָגן צו דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון פאַרשידענע פעלקער — אָנהויבנדיק מיט די שפּאַנישע יידן, וועלכע האָבן בשעת דעם מיטלאַלטער

פאַרשפּרייט אין אייראָפּע די פּירות פון דעם אָריענטס חכמה און פאַנטאַזיע״.

און צום סוף:

״ — אָסקאַר לעווערטין האָט ווירדיק פאַרטיידיקט זיין פאָלקס כבוד און זיין אייגענעם כבוד, פּונקט אויף דעם אייגענעם אופן ווי די בעסטע פון זיין פאָלק האָבן עס געטאָן אין אַנדערע לענ־דער. ווי אַ טרעגער און דערציער פון אַ גייסטיקער קולטור געהערט ער צו די גרעסטע, וואָס שוועדן האָט ווען עס איז געהאַט...״.

סיי די יידישע און סיי די שוועדישע עפנטלעכקייט היט אָפּ דאָס אָנדענקען פון אָסקאַר לעווערטין. דער טאָג פון זיין פּריצייי־טיקן טויט ווערט יעדעס יאָר דערמאנט מיט דעם גרעסטן יראת הכבוד. זיין נאָמען געהערט דער געשיכטע פון דער נייער שוועדי־שער ליטעראַטור, זיין געשטאַלט געהערט דער געשיכטע פון שווע־דישע יידן.

# העגרי נאַטאַנסען

**(1944 — 1868)**

אין 1942, אינמיטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט סטעפאַן צווייג, דער גלענצענדער יידיש־עסטרייכישער שרייבער, זייענדיק אין בראַזיליע, האָבנדיק אַ גרויסן נאָמען אין דער וועלט־ליטעראַטור, זיך גענומען דאָס לעבן. איך קען קוים אי־בערגעבן, ווי טיף דערשיטערט איך בין געווען. איך פלעג אים טרעפן אין לאָנדאָן אַלס "פליכטלינג" אין הויז פון יוסף לעפט־וויטש, מיט וועלכן ער איז געווען באַפריינדעט. איך האָב אים עטלעכע מאָל געזען ביי די פאָרשטעלונגען פון דער ווילנער טרופע, וועלכע האָט גאַסטראָלירט אין לאָנדאָן. ביז צום היינטיקן טאָג זע איך אים אין טעאַטער ביי דער פאָרשטעלונג פון "ביי־נאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פון י. ל. פרץ: פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט, מיט גרויסע, געשפּאַנטע אויגן, ערנסט, שווייגנ־דיק, געטראַכט זיינע אייגענע געדאַנקען. סטעפאַן צווייג איז גע־ווען אַ שיינער מאַן. דאָס שענסטע אין אים, אין זיין גוט־פּראָ־פּאָרציאָנירטן קאָפּ, זיינען געווען זיינע גרויסע, אָפענע אויגן, יידישע אויגן !...

סטעפאַן צווייג האָט זיך גענומען דאָס לעבן, ווייל דער לעבנס־קרייז האָט זיך פאַר אים געשלאָסן און געענדיקט. זעלבסטמאָרד מוז זיין אַ שרעקלעכער פּסיכישער פּראָצעס, די דערשיטערונג און דער שפּרונג אין דעם תהום פון דעם אומבאַוואוסטן. אָבער ביי סטעפאַן צווייג איז דאָס געקומען נישט ווי אַ דערשיטערונג,

נאָר ווי אַ קלאָרער און קלאָגעדיקער אויספּיר פון אַ סך טראַכטן און פילאָזאָפירן. אַ טראַגישער סוף פאַר אַזאַ קלוגן אַנאַליטיקער און דענקער, ווי ער איז געווען. סטעפאַן צווייג איז געבוירן געוואָרן 1881 און איז אַוועק פון דער וועלט 1942, זייענדיק 61 יאָר אַלט.

דאָס פּנים און די אויגן פון סטעפאַן צווייג האָבן מיך אויסער־געוויינלעך פאַסצינירט, ווייל יאָרנלאַנג בין איך געווען פאַרכאַפּט פון די אייגענע אויגן, טיפע, שיינע יידישע אויגן ביי אַן אַנדער יידישן שרייבער, העגרי נאַטאַנסען פון דענעמאַרק. דער יידישער גורל האָט געוואָלט, אַז דער דאָזיקער טאַלענטירטער דעניש־יידי־שער שרייבער, אַ באַקאַנטער דראַמאַטורג און נאָוועליסט, אַז שוין בשעת דער מפּלה פון דייטשלאַנד אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, שוין בשעת דער באַפרייאונג פון דענעמאַרק פון דער פאַרשאָל־טענער דייטשער אָקופּאַציע, זאָל העגרי נאַטאַנסען, וועלכער האָט בשעת דער אָקופּאַציע געלעבט אין דרום־שוועדן, אין דער אוני־ווערסיטעט־שטאָדט, לונד, נעמען זיך דאָס לעבן. דאָס איז גע־שען אין 1944.

עס האָט זיך אויסגעלאָשן אַ זעלטענע יידישע נשמה, אַ פיינ־פילנדע, אַ שעפּפערישע. קיין מער טראַגישע יידישע פיגור האָב איך אין מיין לעבן נישט געטראָפן...

**
*

העגרי נאַטאַנסען איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעדטל אין צפון פון יוטלאַנד, יערינג, Hjörring, נישט ווייט פון דעם שפּיץ פון יוטלאַנד, וואו עס געפינט זיך דער באַקאַנטער קוראָרט סקאַגען. אין דעם טייל פון דענעמאַרק האָבן קיין מאָל נישט גע־לעבט באַדייטנדע גרופּן פון יידן. די פאַמיליע פון נאַטאַנסען איז געווען די איינציקע יידישע פאַמיליע אינעם שטעדטל, ווייט, ווייט פון אַנדערע דענישע שטעדטלעך מיט אַן איינציקער יידישער משפּחה אָבער אינגאַנצן אַן יידן.

עס איז ווערט דאָ צו דערמאָנען, אַז אויך אַן אַנדער גרויסער יידיש־דענישער שרייבער, מאיר גאָלדשמידט (1819 — 1887) איז געבוירן געוואָרן אין דרום פון לאַנד, אין דעם שטעדטל וואָרדינ־

באָרג, וואו עס האָט געוואוינט נאָר איין איינציקע יידישע משפחה. אויב מען וויל איז עס אַ זעלטענער צופאַל, אַ פענאָמען, און אויב מען וויל, איז דאָס עפּעס מער ווי אַ צופאַל, אַ מין סימבאָל פון דער יידישער צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט. מען קען אָפּ־לעבן אין דענעמאַרק צענדליקער יאָרן און נישט נאָר קיין מאָל נישט אַריינפאַלן אין אַ שטעדטל ווי יערינג, נאָר אַפילו נישט הערן קיין מאָל דעם נאָמען. עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אַ סך גרעסערע שטעדט אין יוטלאַנד, ווי למשל, אָלבאָרג, וויבאָרג, ראַנדערס און איך קען זאָגן, אַז סיי די באַפעלקערונג פון די שטעדט און סיי די פּויערים פון דעם פלאַכן לאַנד זיינען זייער ווייט פון אַ סביבה, וואו יידן קענען זיך איינלעבן. אַפילו אין אָרהוז, די גרעסטע שטאָדט אין יוטלאַנד און די צווייט־גרעסטע שטאָדט אין לאַנד נאָך קאָפּענהאַגן, האָבן געלעבט אַמאָל נישט מער ווי אַ צענדליק יידישע משפחות.

עס איז געווען מער אָדער ווייניקער אַ צופאַל, וואָס האָט מיך צוזאַמענגעבראַכט מיט דעם זעלטענעם יידן, ווען איך בין גע־קומען 1915 קיין קאָפּענהאַגן, זיך באַזעצט דאָ און שטאַרק פאַר־אינטערעסירט געוואָרן אין דעם לעבן פון דער קליינער אָבער אַלטער יידישער געמיינדע און אירע אַלטמאָדישע פירערס, גרויסע סוחרים, אַדוואָקאַטן, קינסטלער. פון דער יידישער איינוואַנדערונג איז אַרויס אַ פיינע גרופּע יידישע אַרבעטער. און אַלץ דאָס צווישן אַ לעבעדיקער, אַקטיווער און פּראָגרעסיווער זייער טאָלעראַנטער באַפעלקערונג, כמעט אינגאַנצן פּראָטעסטאַנטן.

די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייט צווישן די קאָנסערוואַטיווע יידן איז געווען דער פּריערדיקער רב הכולל פּראָפעסאָר ד. סימאָנ־סען, צווישן די וועלטלעכע יידישע קרייזן האָבן די גרעסטע נעמען געהערט די ברידער געאָרג און עדוואַרד בראַנדעס. געווען גרויסע יידישע באַנקירן, באַרימטע אַדוואָקאַטן, פּראָפעסאָרן, פּובליציסטן. צווישן די אַלע יידישע נעמען האָט אָבער אַ גאַנץ באַזונדערן קלאַנג געהאַט דער נאָמען פון דעם נאָוועליסט און דראַמאַטורג, און רע־זשיסער ביים קעניגלעכן טעאַטער, הענרי נאַטאַנסען. כמעט אינ־גאַנצן איזאָלירט פון דער אויסערער וועלט, פון יידן און נישט־

יידן, שטענדיק טיף פאַרטראַכט און טיף באַזאָרגט, האָט ער גע־
מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף מענטשן, וועלכע זיינען צום
ערשטן מאָל געקומען אין באַרירונג מיט אים. עפּעס אומרואיקעס
און נישט דערזאָגטעס איז געווען אין זיין אויסגעשפּראָכענעם יידישן
וועזן. זיין פרוי איז געווען אַ קריסטלעכע. זיינע פאַרלעגערס זיינען
נישט געווען קיין יידן. אינעם קעניגלעכן טעאַטער האָט ער נישט
געהאַט צו טאָן מיט יידן. אין יענער צייט איז אינעם קאָפּענהאַ־
גענער קעניגלעכן טעאַטער געווען איין איינציקער שוישפּילער, אַ
באַרימטער קינסטלער, מיטן נאָמען טעקשיירע, באַרימט אַלס
לייענער פון די מעשהלעך פון דעם גרויסן דענישן דיכטער האַנס
קריסטיאַן אַנדערסען. טעקשיירע, מיט וועמען איך בין שפּעטער
געוואָרן גוט באַפריינדעט, איז געווען זייער באַרעדעוודיק, אָפּט
מיט אַ היפּש ביסל קלאָון־אַרטיקע אַקטיאָרישע שטיק, דורך און
דורך יידיש, איז געווען דער היפּך פון הענרי נאַטאַנסען, ער האָט
שפּעטער פאַרלאָזן דאָס קעניגלעכע טעאַטער: זיי, ד. ה. דער
גאַנצער פּערסאָנאַל, זיינען געווען פאַר אים צו סקאַנדינאַוויש, און
ער, דער ייד מיט דער לאַנגער נאָז און מיט אַן אַלטן יידישן יחוס,
איז געווען פאַר זיי צו יידיש. ער האָט נישט נאָר געלייענט ה. ק.
אַנדערסענס מעשהלעך, נאָר ער האָט זיי געלייענט און געשפּילט.
ער האָט אויף יעדן פאַל נישט געהאַט קיין גלייכנס צו זיך אין
זיין פאַך.

איך האָב שוין געשריבן אַ לענגערע צייט אין דער גרויסער
דענישער צייטונג "פּאָליטיקען", געשריבן כמעט יעדע וואָך וועגן
רוסלאַנד, ס׳רוב גרויסע סקיצן וועגן דער דומאַ און אירע גרויסע
מענער. סיי דאָס אַרט פון מיין שרייבן און סיי די פּערזענלעכקייטן,
וועלכע איך האָב געשילדערט, — ראַדיטשעוו, קערענסקי, מיליור־
קאָוו, שינגאַרעוו, מאַקלאַקאָוו, ראַדזיאַנקאָ א. א. וו. — זיינען גע־
ווען פרעמד און ניי פאַר דעם קליינעם און הויך־קולטיווירטן
לאַנד און האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. אין יענער צייט
האָב איך, מער אָדער ווייניקער צופעליק, זיך באַקענט מיט הענרי
נאַטאַנסען. ער האָט זייער ווייניק גערעדט, אָבער געקוקט אויף
מיר מיט זיינע געשפּאַנטע אויגן, נאָר זעלטן געפרעגט וועגן יידישן

לעבן אין רוסלאַנד. יעדעס מאָל ווען איך פלעג אים קומען באַזוכן אין זיין איזאָלירטער וואוינונג אויף פרעדעריקסבערג, איינער פון די פיינסטע טיילן פון קאָפּענהאַגן, גאַנץ נאָענט פון דעם פּלאַץ, וואו עס שטייען איצט די מאָנומענטן פון אים און פון מאיר גאָלדשמידט, האָב איך געפילט אַ באַזונדערן צויבער פון זיין פּערזענלעכקייט. איך האָב זיך שטענדיק געפרעגט, וואָס זיינען די עלעמענטן פון זיין יידישער נשמה, פאַר וואָס איז ער אַזוי פאַרביטערט צוליב דער רעזערווירטער יידישקייט פון דער יידי־שער בורזשואַזי אין קאָפּענהאַגן, וואָס ווייסט ער פון יידישקייט און פון יידנטום, וואָס פעלט אים?

הענרי נאַטאַנסען דערציילט מיר אַמאָל:

— איך האָב געהערט, אַז אין אונדזער האַפן קומען אָן שיפן פון רוסלאַנד, אָנגעלאָדן מיט יידישע עמיגראַנטן, אויפן וועג קיין אַמעריקע. די שיפן בלייבן דאָ נאָר עטלעכע שעה און מען לאָזט קיינעם נישט אַראָפּ פון שיף אין לאַנד און מען לאָזט קיינעם נישט צו צו זיי... איך מוז זיי גיין זען... דאָס זיינען דאָך גערודפטע יידן... אויפן וועג צום פרייהאַפן קויף איך אַ זעקל מיט פריש־געבאַקענע זעמלעך. איך וויל זיי כאָטש מיט עפּעס מכבד זיין, מיט עפּעס אַרויסווייזן מיין באַטייליקונג אין זייער גורל... איך קום צו צום שיף און איך זע אַ מאַסע מענטשן, אַ מאַסע יידישע פּנימער... מיר קוקן זיך אָן, אָבער מיר קענען נישט רעדן... איך קען נישט אַרויפקומען אויפן שיף. נעם איך דאָס פריש־געבאַקענע געבעקס און וואַרף עס אַריבער אויפן שיף. און דאָ איז עפּעס געשען, וואָס איך האָב נישט דערוואַרטעט. עס איז אַוועק אַ קורצע ווײַלע און זיי האָבן מיך אָנגעהויבן באָמבאַרדירן מיט די זעמלעך אַזוי ווי מיט שטיינער... איך בין קוים אַנטלאָפן פונעם שיף...

איך האָב פאַרזוכט צו דערקלערן נאַטאַנסען דאָס מיספאַר־שטענדעניש. יידישע עמיגראַנטן זיינען נישט קיין ציגיינער און נישט קיין בעטלערס. דאָס זיינען אונדזערע מוטיקסטע און יינגסטע עלעמענטן, דאָס איז אַן אַוואַנגאַרד פון די קומענדיקע בויערס פון אַ נייעם יידישן לעבן. דאָס זיינען שטאָלצע יידן, וואָס האָבן

זיך אַרויסגעריסן פון מזרח־אייראָפּע און זיינען אויפן וועג צו אַ פרייען לאַנד און צו אַ נייען לעבן. עס איז אינעם האָפן געשען אַ טראַגיש מיספאַרשטענדעניש. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען אייער זשעסט, אייער וואונטש צו לאָזן זיי פילן אייער סימפּאַטי, און איר האָט נישט געוואוסט, ווער זיי זיינען, וואָס זיי פילן. איר האָט נישט געקענט וויסן, אַז אייער זשעסט וועט זיי אפשר באַליידיקן...

הענרי נאַטאַנסאָן האָט נישט געמאַכט קיין דראַמאַטישע אויס־פירן פון דעם דראַמאַטישן מיספאַרשטענדעניש. ער האָט זיך צו־געהערט צו מיינע רייד און האָט געשוויגן... געטראַכט...

*****

נישט מאיר גאָלדשמידט און נישט הענרי נאַטאַנסאָן זיינען געווען די ערשטע יידן אין דער דענישער ליטעראַטור און האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דעם קולטור־לעבן פון דענעמאַרק. די דענישע קלאַסישע דיכטונג און דראַמאַטורגישע ליטעראַטור האָט אַ באַרימטן יידישן נאָמען, וועלכער ווערט נאָך איצט באַ־טראַכט פאַר איינעם פון זייערע וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע קולטור־אוצרות. דאָס איז הענריק הערץ, געבוירן אין 1797 (אָדער 1798) און געשטאָרבן 1870 נאָך דעם ווי ער איז כמעט 40 יאָר געווען פאַרבונדן מיט דעם קעניגלעכן טעאַטער אין דער ראָלע פון אַ דראַמאַטורג, אפשר מעג מען זאָגן, אין דער ראָלע פון אַ היימישן מאָליער.

פאַר די זיטן פון יענער צייט איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן זיינע פּיעסן אויפגעפירט געוואָרן נישט אָנגעבנדיק זיין יידישן נאָמען אַלס מחבר, נאָר אַלערליי פּסעוודאָנימען און שטענדיק איבערגעבנדיק די פּיעסן צום טעאַ־טער נישט פּערזענלעך, נאָר דורך אַ פרעמדן פאַרמיטלער, נישט האָבנדיק קיין רעכט צו זיין ביי די פּראָבן פון זיינע ווערק, נישט קענענדיק קומען אין פאַרבינדונג מיט די שוישפּילער, וואָס האָבן געשפּילט אין זיי. אין אַן עלטער פון 35 יאָר האָט הענריק הערץ זיך געשמדט. ערשט דעמאָלט האָט די פּרעסע געקענט מיטטיילן,



דאָס איז דאָס באַרימטע אין דענעמאַרק בילד פון דער פאַמיליע פון איינעם פון די אַמאָליקע גרינדער פון דער יידישער געמיינדע אין דענעמאַרק, מענדעל לעווין נאַטאַנסאָן, געמאָלן פון דעם גרויסן דענישן קינסטלער עקערסבערג (1783 — 1853).

נאַטאַנסאָן, אַ געשעפטסמאַן, אַ רעדאַקטאָר, אַ קולטור־טוער, איז געבוירן געוואָרן אין אַלטאָנאַ אין 1780, געשטאָרבן אין 1868. דער גרעסטער טייל פון דער משפחה האָט זיך אָפּגעשמדט...

ווער עס איז דער דראַמאַטורג מיט פּסעוודאָנימען. קיין ערשט־קלאַסיקער רעקאָרד איז עס נישט געווען...

געאָרג בראַנדעס, דער גרויסער דעניש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, דער מחבר פון גרויסע ווערק וועגן שעקספּיר, געטע, וואָלטער, שרייבנדיק וועגן דער דענישער ליטעראַטור, רעדט מיט זייער גרויסן רעספּעקט נישט וועגן הענריק הערץ, וועלכער איז אַריין אויף אַן אומווירדיקן וועג אין דער דענישער ליטעראַטור, אַריינגעגאַנגען דורך אַ הינטערטיר, און נישט וועגן מאיר גאָלד־שמידט, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען און שטענדיק אויסגערופן, צי מען דאַרף צי מען דאַרף נישט: "איך בין אַ ייד", "איך בין אַ ייד"!...

הענרי נאַטאַנסען האָט נישט געהערט נישט צו די ערשטע און נישט צו די צווייטע. זיין פּנים און זיין ווערק האָבן גענוג גערעדט וועגן דעם, וואָס ער איז און וואָס ער מיינט. זיין באַרימטע פּיעסע "אינדענפּאָר מורענע" ("אינעווייניק אין הויז"), וועלכע מען שפּילט אין דעם קעניגלעכן טעאַטער אין קאָפּענהאַגן פּאַר די לעצטע פופציק יאָר ביז צום היינטיקן טאָג, און וועלכע שילדערט דאָס יידישע היים און דאָס לעבן פון אַ יידישער משפּחה, האָט ער אַליין אויפגעפירט. ער איז בכלל געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע רעזשיסאָרןביים קעניגלעכן טעאַטער.

יאָ, צייטן האָבן זיך געביטן. די שווערע קאַמפן אין דער עפּאָכע פון קולטורעלן "שטורם און דראַנג" האָבן סוף כל סוף פּאָרט געבראָכן די מאַכט פון די קירכן־פירשטן און פון די פעאָ־דאַלע גוטס־באַזיצער. דאָס לאַנד האָט אָפּגעאָטעמט, דאָס לאַנד האָט אויפגעבליט עקאָנאָמיש און פּאָליטיש.

דאָס באַדייטנדסטע ווערק פון הענרי נאַטאַנסען איז זיין ראָמאַן "פון הוגא דודס לעבן", צוערשט דערשינען אין פיר בענדער און שפּעטער מערערע מאָל אַרויסגעגעבן אין אַ געקירצטער פאָרם אין איין באַנד. איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט צו האָבן די פיר בענדער באַלד ביים אַרויסגעבן זיי. דאָס ווערק האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק מיט זיין ברייטן פאַרנעם, מיט דעם פיינעם וואַרעמען סטיל און מיט די גרויסאַרטיק־געשילדערטע מענטשן,

יידן און נישט־יידן. אין צענטער פון דער גאַנצער האַנדלונג איז די יידישע משפחה, ריכטיקער געזאָגט, דער איינציקער זון פון דער איינציקער יידישער משפחה אין אַ פּראָווינץ־שטאָדט. דער יונגערמאַן וואַקסט אויס צווישן נישט־יידן, אָבער ער ווייסט, אַז ער געהערט נישט צו זיי, אַז ער איז פון אַן אַנדער ראַסע; עס איז אים אָבער נישט קלאָר, אין וואָס ליגט דער אונטערשיד.

הוגאָ דוד וואַקסט אויס צוזאַמען מיט זיין קריסטלעכן אינ־טימען חבר און ווערן שוישפּילער ביים קעניגלעכן טעאַטער. עס הויבט זיך אָן דאָס זעלבסטשטענדיקע לעבן פון דעם יונגן הוגאָ דוד, דערפאָלגן און אַנטוישונגען, קנאה, שנאה, אויס ברו־דערשאַפט מיטן בעסטן פריינד, קאָנפליקטן. די קאָנפליקטן זיינען מייסטערהאַפט געשילדערט.

נאַטאַנסען באַשרייבט די אַלטמאָדישע יידישע סביבה פון קאָ־פּענהאַגן און די אַלטמאָדישע יידישקייט. אין דעם ווערק ווי אין אַן אַנדער ראָמאַן "מענדל פיליפסאָן", געפינען מיר די אַלטע קליינ־בירגערלעכע יידישע סביבה מיט דעם אינסטינקט פון צוגעהערי־קייט צו איין גרויסן יידישן כלל אין דער גאָרער וועלט. וואו, ווער, ווען, דאָס איז אַלץ נישט קלאָר, אָבער דער כלל איז דאָ...

אַן אַלטער ביאָגראַפער, האַנס קירדע, האָט אין אַ גרויסער אָפּהאַנדלונג וועגן הענריק הערץ געשריבן אין 1916, דער דיכטער מיט אַ מאַסקע פון פּסעוודאָנימען האָט אומבאַמערקט זיך אַריינ־געגליטשט אין דער דענישער ליטעראַטור און פּונקט אַזוי, כמעט אומבאַמערקט, אַרויסגעפאַלן פון איר און פאַרשוואונדן. הענרי נאַטאַנסען איז אָבער אַרומגעגאַנגען מיט דעם אָפענעם יידישן פּנים און איז אַוועק פון דער וועלט אַלס אַ קרבן פון יידן־האַס, אַוועק פון דער "באַפרייאונג"...

אין קיין שום לאַנד האָט דער ווידערשטאַנד קעגן די נאַצי־רציחות נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ גרייטקייט צו פאַרטיידיקן יידישע לעבנס און יידישע ווירדע, ווי אין דעם קליינעם דענעמאַרק בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע. כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פונעם לאַנד, אַן ערך פינף טויזנט נפשות, זיינען אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין שוועדן. עס איז געווען אַ העלדן־קאַמף פאַר אַ פרעמ־

דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, אָבער די מינדערהייט האָט זיך איינגעלעבט אין לאַנד, געניסנדיק פון אַלע בירגער־רעכט ווי אַלע אַנדערע בירגער און דעריבער איז זי געשיצט געוואָרן ווי אַלע אַנדערע בירגער פונעם לאַנד.

דער זעלבסטמאָרד פון העניעי נאַטאַנסען האָט געמאַכט אַ גע־וואַלדיקן רושם אין לאַנד. זיין איינפלוס, זיין שאַפן, זיין יידישע פערזענלעכקייט זיינען געבליבן לעבעדיק. זיינע פיעסן ווערן גע־שפּילט, זיינע נאָוועלן ווערן געלייענט, זיין נאָמען איז נישט פאַר־געסן....

*****

העניעי נאַטאַנסען איז געווען זיין גאַנץ לעבן אינטים באַ־פריינדעט מיט אַן אַנדער גדול בישראל, מיט דעם גרויסן, אפשר גרעסטן אין זיין יאָרהונדערט, דעניש־יידישן ליטעראַטור־היסטאָ־ריקער געאָרג בראַנדעס. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן מער פאַרשידענע צוויי מענטשן, לויט זייער דערציאונג, זייער וויסן, זייער גייסטיקן פאַרנעם און זייער איינשטעלונג צו אַקטועלע פּראָ־בלעמען, גאַנץ באַזונדערס צו יידישע פּראָבלעמען. העניעי נאַטאַנ־סען איז געווען אַדוואָקאַט פון באַרוף, פיל באַלעזן, שטאַרק פאַר־אינטערעסירט אין וועלט־פּראָבלעמען. געאָרג בראַנדעס איז גע־ווען אַן אמתער ענציקלאָפּעדיסט וואָס איז שייך וויסן, זייער פיל גערייזט אין דער גרויסער וועלט, אין פראַנקרייך און אין איטאַליע געווען ווי ביי זיך אינדערהיים, אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, אין רוסלאַנד, פוילן, אין בערלין און ווין, אומעטום געקומען אין פאַרבינדונג מיט די פירנדע גייסטער פון די פעלקער. ווען בראַנ־דעס האָט געשריבן זיין בוך וועגן לאַסאַל, איז ער אַרומגעפאָרן איבער דייטשלאַנד זוכן מענטשן, וועלכע האָבן געקענט פּערזענ־לעך דעם באַרימטן פאָלקס־טריבון. בראַנדעסעס שטודיען וועגן שעקספּיר אָדער מיקעלאַנדזשעלאָ, וועגן וואָלטער אָדער געטע, וואָלטן געקענט אויספילן עטלעכע מענטשן־לעבנס. געאָרג בראַנ־

דעס איז געווען פערזענלעך פאַרבונדן מיט דזשאָן סטיוּאַרט מיל, מיט ערנסט רענאַן און היפּאָליט טען, מיט קראָפּאָטקין.

איך האָב געהאַט דעם זכות צו קענען פערזענלעך זייער נאָ־ענט און אַ לענגערע רייע מיט יאָרן, הענרי נאַטאַנסען, ביז ער איז געוואָרן שווער קראַנק, ליידנדיק פון דעפּרעסיע און מעלאַנ־כאָליע, און איך בין אָפט געווען אַ בן בית ביי געאָרג בראַנדעס, דעם שטענדיק אימפּולסיוון, שטענדיק יוגנטלעכן און שטענדיק שאַפנדן לעבעדיקן יידישן דענקער. ביידע האָבן זיי זיך ליב גע־האַט. בראַנדעס האָט צונישט געמאַכט נאַטאַנסענס האַפּנונגסלאָזן פּעסימיזם. נאַטאַנסען האָט שטענדיק געוואָלט איבערצייגן בראַנ־דעס, אַז דאָס וועזנטלעכסטע אין אים איז זיין יידישער גייסט, זיין יידישער יסוד, זיין גאַנץ יידיש וועזן. זיי האָבן זיך נישט גע־קענט פאַרשטיין.

אַ פּאָר יאָר נאָך דעם טויט פון געאָרג בראַנדעס (1927), אין 1929, האָט הענרי נאַטאַנסען אַרויסגעגעבן אַ גרויס בוך, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַרזוך צו שילדערן ״אַ פּאָרטרעט״ פון זיין פריינד. דאָס בוך הייסט געאָרג בראַנדעס און אין זיין אַריינפיר זאָגט הענרי נאַטאַנסען, אַז ער האָט נישט בדעה צו געבן אַ ליטע־ראַטור־היסטאָרישע אָפּשאַצונג פון די ווערק, וואָס בראַנדעס האָט געשריבן, אויך נישט ״אַ מאָראַליש־עטישע״ אָפּשאַצונג פון זיין פערזענלעכקייט. ער וויל נאָר פאַרזוכן צו שילדערן דעם מענטש, די פערזענלעכקייט פון געאָרג בראַנדעס. עס איז אָבער נישט מעגלעך געווען פאַר הענרי נאַטאַנסען צו האַלטן זיך אין די ראַמען פון דער געפּלאַנטער אָפּהאַנדלונג, ווייל עס איז נישט מעגלעך אָפּצוטיילן ביי אַזאַ גרויסן שרייבער, ווי געאָרג בראַנדעס, זיין פערזענלעכקייט פון זיין שאַפן. געאָרג בראַנדעס איז אַלס שרייבער אוניווערסאַל, זיין פערזענלעכקייט איז אוניווערסאַל. אַ וויכטיקער דענישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, ווילהעלם אַנדער־סען, זאָל האָבן געזאָגט, אַז געאָרג בראַנדעס איז געווען צו גרויס פאַר דענעמאַרק און אַז דענעמאַרק איז געווען צו קליין פאַר בראַנדעס. אין דעם ליגט אַ גרויסער אמת, אָבער אַ פול־שטענדיקער אמת איז אין דער איבערצייגונג פון פילע באַוואונ־

דערער פון געאָרג בראַנדעס, אַז די וואָס האָבן פאַרזוכט צו מעסטן זיין יידיש וועזן מיט דער מאָס פון דער אָנגענומענער אַל־טעגלע־כער יידישקייט און האָבן אים קריטיקירט שיער נישט אַלס אַן אָפּטריניקן, זיינען געווען צו קליין, כדי צו קענען באַנעמען זיין דענקען און זיין וועזן, כדי אַריינצודרינגען אין זיין גייסטיקן מהות, אין זיינע באַגריפן וועגן יידישקייט.

עס איז דאָ אַ פּרינציפּיעלער חילוק צווישן דעם באַגריף פון קאָנווענציאָנעלער יידישקייט, אַפילו אויב זי איז נישט אויסגע־פּוצט מיט באָרד און פּאות, און יידישקייט אַלס אויסדרוק פון אַ ספּעציפישן יידישן אוניווערסאַליזם, פון אַ וועלט־פאַרנעם. עס איז געווען אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע פון הענרי נאַטאַנסען, וואָס ער האָט זיך פאַרלוירן אין זיין זוכן אַן אויסוועג פון דעם פּלאָנ־טער, וואָס איז ביי אים אַנטשטאַנען וועגן יידישקייט, וועגן דעם וואָס איז און הייסט יידישע קולטור א. א. וו. ער האָט געמיינט, אַז געאָרג בראַנדעס האָט נישט געפונען דעם אויסוועג און אַז דעריבער האָט ער צום סוף פון זיין לעבן געשריבן די אַנטי־קריסטוס־ביכער. דאָס איז געווען דער פאַטאַלער טעות ביי הענרי נאַטאַנסען. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון דעם טעות און פאַרענדיקט אַזוי טראַגיש זיין לעבן...

# אויגוסט סטרינדבערג

**(1912 — 1849)**

1

די וועלט האָט געפייערט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דעם אָנדענ־קען פונעם געניאַלן שוועדישן דראַמאַטורג אויגוסט סטרינדבערג, וועלכער איז געשטאָרבן אין 1912. געשטאָרבן נאָך אַ לעבן פול מיט שטורמישע פּערזענלעכע דראַמעס, פול מיט פּיינלעכע קאָנ־פליקטן און קאַמף, אָבער אויך מיט געוואַלדיק־גרויסע דערפאָלגן. סטרינדבערג האָט איבערגעלאָזן אַ רייכע ירושה. ער איז אויך געווען אַ גלענצנדער נאָוועליסט, אַ גרויסער פּראָזע־שרייבער.

אויב מען וויל, קען מען באַטראַכטן סטרינדבערג פאַר דעם שוועדישן שעקספּיר — אַזוי עמאָציאָנעל און אינספּירירט איז די האַנדלונג אין זיינע דראַמעס, אַזוי פאַרשידנאַרטיק און אינספּי־רירנדיק, פאַרכאַפּנדיק איז אויפגעבויט זיין פאַרבנרייכער דיאַ־לאָג. ס׳איז געווען אַ גייסט, וואָס האָט זיך קיין מאָל נישט באַרו־איקט און וואָס האָט קיין מאָל נישט געלאָזט צורו זיינע מיט־מענטשן. עס איז נישט גרינג צו געפינען אַ פּאַראַלעל צו אים אין דער מאָדערנער דראַמאַטישער וועלט־ליטעראַטור — נישט איבסען, דער געלאַסענער נאָרוועגישער דענקער, נישט געטע, דער דייטשער אָלימפּיקער, נישט טאָלסטאָי אין זיינע דראַמאַטישע ווערק, קיינער פון זיי האָט נישט געטראָגן אין זיך אויף אַזאַ

אופן דעם אייביקן ברען, דעם פייער, וואָס סטרינדבערג האָט ווי אַ ווולקאַן געשליידערט פון זיך.

יידן האָבן אַ באַזונדערן גרונד צו באַטראַכטן זייער ערנסט די פענאָמענאַלע פערזענלעכקייט, וואָס האָט געהייסן אויגוסט סטרינדבערג. ער איז צוערשט אָפּגעשאַצט געוואָרן, אָפּגעשאַצט און געשטיצט געוואָרן פון אַ גלענצנדער יידישער ליטעראַרישער פערזענלעכקייט, עדואַרד בראַנדעס, אַ ברודער פון דעם באַרימטן דעניש־יידישן ליטעראַטור־היסטאָריקער געאָרג בראַנדעס. סטרינדבערגס פאַרלעגער איז געווען דער שוועדישער ייד באָניער. מיט די ביידע יידן האָט סטרינדבערג געהאַט זייער נישט קיין גוטע קאָנפליקטן מיט אַביסל אַנטיסעמיטישן בייגעשמאַק, אפשר מער ווי אַביסל. נאָך זיין טויט האָט אַ גרויסער שוועדיש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, מאַרטין לאַם, פרעזידענט פון דער שוועדישער אַקאַדעמיע, געשריבן דאָס וויכטיקסטע ווערק וועגן דעם לעבן און שאַפן פון אויגוסט סטרינדבערג.

ביידע, סיי עדואַרד בראַנדעס און סיי אַלבערט באָניער, פאַרדינען אַן אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג, אָבער מיר ווילן זיך דאָ באַגניגענען מיט אַ פּאָר קורצע באַמערקונגען. עדואַרד בראַנדעס האָט שטודירט אין דעם קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט סאַנסקריט, סעמיטישע שפּראַכן און העברעאיש. ער איז געווען דער גרינדער און אַ סך יאָרן הויפּטרעדאַקטאָר פון דער באַקאַנטער און אַמאָל זייער איינפלוסרייכער ליבעראַלער דענישער צייטונג "פּאָליטיקען", אַ באַקאַנטער פּובליציסט און דראַמאַטורג, אַ ראַדיקאַל־פּאָליטישער פירער, שטאַרק אַסימילירט, אָבער קיין מאָל נישט פאַרלאָזן די מחנה פון זיינע אייגענע. ער איז געווען גייסטיק אינטים פאַרבונדן מיט זיין וועלט־באַרימטן ברודער געאָרג בראַנדעס.

די באָניער־משפּחה האָט אויפגעבויט אין שטאָקהאָלם איינעם פון די גרעסטע פאַרלאַגן אין אייראָפּע און אַ ליבעראַלע צייטונג "דאַגענס ניהעטער" ("די נייעס פון טאָג"), היינט איינע פון די גרעסטע און בעסטע צייטונגען אין אייראָפּע, מיט אַ צירקולאַציע פון איבער 400.000 אַ טאָג. די פאַמיליע באָניער איז אַמאָל

געקומען קיין סקאַנדינאַוויע פון דיסעלדאָרף, הענריך היינע׳ס שטאָדט. זי האָט דאָרט געהייסן גוטקינד. דאָס אויפקומען און בליען פון דער נייער שוועדישער ליטעראַטור — סעלמאַ לאַגער־לעף, עלען קיי, אווגוסט סטרינדבערג, אָסקאַר לעווערטין און זייער פיל אַנדערע — איז פאַרבונדן מיט דעם וואַקסן פונעם באָניער־פאַרלאַג, היינט אַ צענטראַלע קולטור־אינסטיטוציע אין לאַנד, מיט צענדליקער צייטונגען און זשורנאַלן.

2

דאָס איז געווען די צייט פון דעם שווערן קולטור־קאַמף אין אַלע סקאַנדינאַווישע לענדער, אַ קולטור־קאַמף קעגן דער טיף־פאַרוואָרצלטער פּאָליטישער און קלעריקאַלער רעאַקציע. אַ האַלבן יאָרהונדערט נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, נאָך דעם ווי־נער קאָנגרעס פון 1815 און נאָך דער ״הייליקער אַליאַנס״, נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848, האָט די מאָנאַרכיסטיש־קירכלעכע רעאַקציע פעסט געהאַלטן אין אירע הענד די פירערשאַפט און אירע פּריווילעגיעס. דורכברעכן דאָ אַ וועג פאַר די אידעען פון 19־טן יאָרהונדערט איז אָנגעקומען זייער שווער. נאָר גייסטער, ווי אווגוסט סטרינדבערג, זיינען געווען אימשטאַנד צו שטורמען די פעסטונג, אונטערגראָבן זי און צווינגען זי אויפגעבן איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער.

שווער איז אויך געווען דער קאַמף פאַר דער יידישער עמאַנ־סיפּאַציע אין שוועדן, הגם עס האָט זיך געהאַנדלט נאָר אין אַ קליין הייפל יידן: לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק *) האָבן אין 1880 געלעבט אין שוועדן נישט מער ווי 2993 יידן, אין 1900 נאָר 3912. ערשט אין 1920 איז זייער צאָל דערגאַנגען ביז 6469 אויף אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 6.904.489, ד. ה. עטוואָס מער ווי איינע אויף טויזנט (1,1).

---

*) *Hugo Valentin*, Judarnas Historia i Sverige.

הוגאָ וואַלענטין, די געשיכטע פון יידן אין שוועדן.

דאָס טרויעריקע קאַפּיטל "אווגוסט סטרינדבערג און יידן" איז פאַר אונדז שפּאַנענד, אינטערעסאַנט און וויכטיק, אָבער אין דעם שאַפן פון דעם שוועדישן דראַמאַטורג איז דאָס געווען נישט מער ווי אַ סעריע עפּיזאָדן. פאַר אונדז איז דאָס אוודאי נישט קיין נייעס. מיר זיינען צוגעוואוינט אינעם גאַנג פון דער געשיכטע צו אַ סך אַזעלכע עפּיזאָדן. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי ס'איז געקומען צו די ספּעציפיש־יידישע קאָנפליקטן און ווי אַזוי סטרינדבערג האָט מאָטיווירט זיין ווידערווילן קעגן געווי־סע קרייזן פון שוועדישע יידן — נאָך מער אינטערעסאַנט איז צו הערן דעם ענטפער, וואָס ער האָט באַקומען פון עדוואַרד בראַנ־דעס. דער לעצטער האָט אַפילו איין מאָל איבערגעריסן אַלע זיינע פאַרבינדונגען מיט סטרינדבערגן און אין פאַרלויף פון מערערע יאָרן איז צווישן זיי נישט געווען קיין שום קאָרעס־פּאָנדענץ.

לאָמיר נאָך געדענקען, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַן עפּאָכע פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

3

אווגוסט סטרינדבערג איז געבוירן געוואָרן ביי איינפאַכע פאָלקס־מענטשן. ס'איז געווען די צייט פון פאַרעלטערטע און שאַרף־אויסגעשפּראָכענע סאָציאַלע קאָנטראַסטן, פעאָדאַלע, געהוי־בענע קלאַסן־גרופּירונגען און שטאַרק פאַראָרימטע פאָלקס־מאַסן. אין שוועדן איז קיין מאָל נישט געווען קיין שקלאַפעריי פון די פּויערים, קיין לייב־אייגנשאַפט, אָבער אַן אויסערגעוויינלעכע אָרימקייט און דעריבער אויך אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג אין מיטן פון פאָריקן יאָרהונדערט קיין צפון־אַמעריקע, וואו עס וואוינען היינט אין די צענטראַלע שטאַטן געדיכטע מאַסן פון גוט־אַרבעטנ־דיקע שוועדן. די דאָזיקע אויסוואַנדערונג האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער מאָדערנער שוועדישער ליטעראַטור.

דער קולטור־קאַמף און דער צוזאַמענברוך פונעם אַלטן רע־זשים האָבן געבראַכט מיט זיך דאָס נייע שוועדן, דאָס נייע דע־

מאָקראָטישע שוועדן. קונסט, וויסנשאַפט און שרייבערײַ האָבן באַקומען די חשיבות, וואָס איז זיי געקומען, אָבער דאָס איז געווען אַ שווערער פּראָצעס און אַ לאַנגדויערנדער.

דער יונגער סטרינדבערג האָט געזוכט וויסן אויף אַלע גע־ביטן און אַ סך שטודירט, פון ליטעראַטור ביז אַסטראָנאָמיע און אַלכעמיע. האָט געפילט אַ דראַנג צום טעאַטער, געלערנט אין דער טעאַטער־שולע ביים קעניגלעכן טעאַטער, אַרויסגעפאָרן אין אויסלאַנד, צוגעקוקט זיך צו דעם לעבן אין די פרעמדע לענדער, גאַנץ באַזונדערס צו די הערשנדע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן. אויף אַלץ האָט דער צוקונפטיקער גרויסער דראַמאַטורג רעאַגירט, אַלץ אויפגענומען אויף זיין באַזונדערן אופן.

מיט זיין גאַנצער בילדונג, מיט זיין חוש פאַר זען און באַ־נעמען די באַשטייענדע סאָציאַלע אָרדנונג, איז זיין גאַנץ וועזן באַהערשט געווען פון אַ מינדערוווערטיקייטס־קאָמפּלעקס פון אַ באַזונדערן מין: זיין מוטער איז אַמאָל געווען אַ פּשוטע דינסט־פרוי. דאָס האָט ער קיין מאָל נישט געקענט פאַרטראָגן און פאַר־געסן: "אַ זון פון אַ דינסט־פרוי" הייסט איינס פון זיינע וויכ־טיקסטע ווערק. דער קאָמפּלעקס האָט אים פאַרפאָלגט, קיין מאָל נישט פאַרלאָזן. דער קאָמפּלעקס איז פאַר אים געווען דאָס, וואָס פאַר בייראָן איז געווען זיין געליימטער פוס, וואָס פאַר היינע איז געווען זיין שמד....

סטרינדבערג שרייבט אין דער נאָוועלע *):

"— די רעאַקציע קעגן דאָס אַלטע, וואָס דאַרף פאַרשווינדן, האָט ביי אים עקפּלאָדירט אין מעכטיקע אויסברוכן. די מורא פאַרן גיהנום איז אַוועק. עס האָט נישט קיין זין זיך מקריב זיין. די נאַטור פון דער יוגנט איז געקומען צו איר רעכט. אַ נייע מאָראַל איז אַנטשטאַנען, וואָס ער האָט אינטואיטיוו אַזוי פאָרמו־לירט: אַלץ וואָס שאַדט נישט דעם מינמענטשן, איז מיר דער־לויבט. דער דרוק פון דער משפחה האָט נאָר געשטערט און קיין נוצן נישט געבראַכט. האָט ער זיך אויפגעשטעלט קעגן דעם דרוק. די עלטערן האָבן קיין מאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין ליבע, נאָר

*) "Tjäntequinnans Son" — S. 130.

פאַרלאַנגט דאַנקבאַרקייט פאַר זייערע חסדים, וואָס איז געווען זייער פליכט. האָט ער זיי אַרויסגעוויזן זיינע אמת'ע געפילן. זיין האַלב־צעבראָכענער ווילן האָט זיך אויפגעריכט. ער האָט געהאַלטן, אַז ער האָט געהאַט רעכט צו פאַרלאַנגען פונעם לעבן דאָס וואָס געהערט אים...".

דאָס איז די יוגנט־נאַטור פון סטרינדבערג, דער גרונד־קערן פון זיין דענקען און פילן.

***

ווען מען קומט אַריין אין דעם פּאָיע פון דעם קעניגלעכן דראַמאַטישן טעאַטער אין שטאָקהאָלם בלייבט מען באַלד גע־פלעפט פון דעם פון קופער געגאָסענעם קאָפּ פון אַן אויסערגע־וויינלעכן מאַן: דורכדרינגענדע שאַרפע אויגן, אַ צונויפגעצויגע־נער מויל, אַ ברייטער שטערן. עס איז די פּערזאָניפיצירונג פון אַ מענטש־וואולקאַן. עס שפּריצט פון די אויגן קלוגשאַפט און ווילן, אַ דינאַמישער, סענסיטיווער ווילן.

דאָס איז אווגוסט סטרינדבערג, דער מחבר פון "דער חלום", "דער פאָטער", "פריילין זשוליע", "קיין דאַמאַסקוס", "טויטנטאַנץ", "מעסטער אָלאָף", "גוסטאַוו וואַזאַ" און נאָך און נאָך. סטרינד־בערג האָט געשריבן די באַרימטע היסטאָרישע דראַמעס: "עריק דער פערצנטער" און "קאַרל דער צוועלפטער", דער קעניג, וואָס האָט פאַרלוירן די שלאַכט ביי פּאָלטאַוואַ קעגן דער רוסישער אַרמיי, אַנטלאָפן אין דער טערקיי אויף עטלעכע יאָר, געקומען צוריק קיין שוועדן און דאָ דערהרגעט געוואָרן פון עמעצן — אַ מאָרד, וועלכער איז ביז צום היינטיקן טאָג נישט אויפגעקלערט געוואָרן.

צווישן די פּיעסען פון סטרינדבערג פאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט קאָמעדיעס, וואָס האָבן צו טאָן מיט פרויען און געבראָכענע ליבעס־פאַרהעלטענישן. דער גרויסער דראַמאַטורג האָט אַליין חתונה געהאַט מערערע מאָל. די נאָוועלע, איינס פון זיינע ערשטע סענסאַציאָנעלע ווערק, פאַר וועלכער ער איז צוגעצויגן געוואָרן

צו אַ געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטונג, האָט געהייסן "חתונה האָבן" ("גיפטאָס") און האָט געבראַכט אַ סך צרות זיין יידישן פאַרלעגער באָניער. דער פּראָצעס האָט זיך געענדיקט מיט אַ באַפרייאונגס־אורטייל, געבראַכט דעם שרייבער אַ גרויסע רעקלאַמע און ביי אים אַליין אַרויסגערופן נישט קיין צו גרויסע באַוואונדערונג פאַר דעם באַשעפעניש, וואָס הייסט: די פרוי!...

עס איז נישט גענוג צו זאָגן, ווי עס ווערט אָפט געטאָן, אַז אווגוסט סטרינדבערג איז געווען אַ קרענקלעך סענסיטיווע פּער־זענלעכקייט, אַ פיינד פון דער באַשטייענדער סאָציאַלער אָרדנונג דערפאַר, ווייל פאַר אים איז נישט געווען אין איר קיין געהערי־קער פּלאַץ. אַ געבוירענער נעוראַסטעניקער און אויסגעוואַקסן אין שווערע, שטיקנדע פאַמיליע־אומשטענדן, פול מיט אַלערליי קאָמ־פּלעקסן פון קינדוויז אָן, איז ער געווען דורכגעדרונגען מיט אַ באַוואוסטזיניקער, טיפער פאַראַכטונג צו דער אַמאָליקער קליינ־בירגערלעכער געזעלשאַפט און איר אַזוי־גערופענער "מאָראַל", מיט האַס צו דער אויפגעקומענער געלד־בורזשואַזיע. דער אַדעל מיט זיינע קלינגענדיקע טיטולן, די קירכע, דאָס אַלמעכטיקע באַאַמטנ־טום, זיינען געווען פאַר אים, דעם "זון פון אַ דינסט־פרוי", ווי פערזענלעכע שונאים. ער האָט זיי גוט אָבסערווירט און גוט געקענט זייער עגאָאיזם און זייער גייסטיקע נישטיקייט, זייער געמיינע, בייזוויליקע באַציאונג צו דעם קליינעם מענטשעלע, וועלכער איז בשום אופן נישט געווען אימשטאַנד צו פאַרטיידיקן זיך אָדער שטעלן אַ ווידערשטאַנד. ער האָט שיער זיך נישט געקוויקט מיט זייער נישטיקייט, בשעת ער האָט זיי געשילדערט ווי מיאוסע קאַריקאַטורן, אָפט איבערטריבענע קאַריקאַטורן, אָבער פאַרט קאַריקאַטורן נאָענטע צו די אָריגינאַלן.

אין זיינע באַרימטע נאָוועלן־ און עסייען־זאַמלונג — "דאָס רויטע צימער" ("ריידע רומעט"), "די נייע מדינה" ("דע ניע ריקעט") א. אַ. וו. — שאַנעוועט ער נישט קיין געזעלשאַפטלעכע גרופּע, קיין עפנטלעכע אינסטיטוציע, די שוועדישע אַקאַדעמיע, דאָס טעאַטער, די פּרעסע, די געשעפטס־וועלט, די רעגירונג און די בעאַמטע, די גרעסערע און די קלענערע — פון אַלץ מאַכט

ער חוזק, ווייל אַלץ איז געווען געקויפט און פאַרקויפט, אַלץ איז געווען פאַרשימלט, פאַרפוילט, קאָרומפּירט און גוט נאָר אויף פאַרניכטעט צו ווערן. סטרינדבערג האָט יאָרן פאַרבראַכט אין אויסלאַנד, אין פראַנקרייך, אין דער שווייץ, אין דייטשלאַנד, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו זען און צו פאַרגלייכן.

צווישן די פילע קאָמפּלעקסן, וועלכע האָבן באַהערשט דעם געניאַלן שוועדישן סאַטיריקער, איז אויך געווען זיין שאַרפע נעגאַטיווע באַציאונג צו דעם ביסל יידן, דענסטמאָל, מיט הונ־דערט יאָר צוריק, אינגאַנצן אַ פּאָר טויזנט נפשות, וועלכע האָבן געלעבט אין שוועדן און זיך אויפגעאַרבעט, פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין אַלע טיילן פון דער געזעלשאַפט.

אין דעם פריער־דערמאנטן בוך "די נייע מדינה" איז דאָ אַ סקיצע, וואָס הייסט "מאָזעס". מאָזעס איז אַן אויפגעקומענער ייד, אַ דורכשניטס־ייד, אַ ייד, וואָס איז געקומען קיין שוועדן מיט פופציק יאָר צוריק און איז געוואָרן אַ בירגער, אַ גוטער בירגער פון לאַנד, ניין, נישט נאָר דאָס, ער איז געוואָרן אַ פּאַט־ריאָט, אַ סופּער־פּאַטריאָט, אַ קאָכלעפל אויף אַלע חתונות. קיין שוועדישער פּאַטריאָט קען זיך גאָר נישט פאַרגלייכן מיט דעם פּאַטריאָטיזם פון מאָזעסן. וואו מען דאַרף נאָר שיקן אַ דעלע־גאַציע איז מאָזעס אין דער שפּיץ פון דער דעלעגאַציע. אַפילו ווען עס גייט אַ דעלעגאַציע צו דעם הויפּט־גלח פון דער קירכע, איז מאָזעס אין דער שפּיץ פון דער דעלעגאַציע...

ווען מען דערמאנט זיך די יידישע טיפּן, וואָס דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער ראָמען ראָלאַן האָט געשילדערט אין זיין באַרימטן צען־בענדיקן ראָמאַן "זשאַן כריסטאָף", קען מען בשום אופן נישט באַטראַכטן סטרינדבערגס "מאָזעס" פאַר אַן אַנטי־יידישן פּראָדוקט. אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס סטרינדבערג מאַכט פון זיינע אייגענע, פון דער שוועדישער אַמאָליקער בור־זשואַזיע, איז "מאָזעס" פשוט אַ צאַצקע, אַפילו קיין קאַריקאַטור. דאָס ביסל שוועדישע יידן פון הונדערט יאָר צוריק איז אויסגע־וואַקסן אין שטעלט מיט זיך פאַר היינט אַ פיינע יידישע געמיינדע, מיט וועלכער יידן מעגן זיין שטאָלץ.

דרך־אגב, סטרינדבערג אַליין האָט נישט דערלייגט אַ סך צו יידן פון יענער אַמאָליקער צייט. עס וואָלט אפשר קיין גרויסער סטרינדבערג נישט געוואָרן פונעם יונגן דינאַמישן דיכטער, אויב נישט יידן. זיין גאַנצער טאַלאַנט, זיין ברילאַנטענע פען, זיין קריטיק און סאַרקאַזם, וואָלטן נישט געווען אימשטאַנד צו שטורמען די פעסטונג פון דער איינגעוואָרצלטער רעאַקציע און ברעכן "די באַשטייענדע אָרדנונג", אויב הילף וואָלט נישט געקומען — פון דעם שבט, וואָס ער רופט אָן מאָזעס. אַ וויכטיקער שוועדישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, דזשאָן לאַנדקוויסט, שרייבט אין דער איינלייטונג צו דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן סטרינדבערג און עדוּאַרד בראַנדעס:

— "ס'איז געווען דער דענישער עדואַרד בראַנדעס, וואָס האָט אַנטדעקט סטרינדבערג. ער האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אויף דעם, כדי צו פאַרשאַפן סטרינדבערגן אַ נאָמען און אַ מאַרק (פאַר זיינע ביכער) אין דענעמאַרק... עדואַרד האָט אָנגעהויבן די קאָרעספּאָנדענץ חודש יולי 1880 מיט אַ דאַנק־בריוו פאַר צושיקן אים דאָס בוך "דאָס רויטע צימער". אין סטרינדבערגן האָט עס בראַנדעס דערזען דעם וועקער און פירער פון דער שוועדישער און נאָרדישער ליטעראַטור אין דער צוקונפט. בראַנדעס סטימולירט אַלץ שטאַרקער אין אים די אַמביציע צו ווערן דער גייסטיקער פירער און זאָגט:

— איר זענט דער מאַן, וואָס דאַרף וועקן די שוועדישע ליטעראַטור און דאַרף ווערן דער פירער אין די נייע צייטן. אייער כוח און אייער ווילן איז נישט קלענער פון ביארנסאָנס און איבּסענס. איר האָט אַ גרעסערע בילדונג. אין אַ קורצער צייט אַרום וועט אייער נאָמען קלינגען צוזאַמען מיט די שענסטע נעמען, וואָס די נאָרדישע ליטעראַטור פאַרמאָגט. דאָס וועט אייך געבן דעם אויטאָריטעט, וואָס איר דאַרפט האָבן און די נויטיקע ענערגיע" *).

אויף דעם ענטפערט סטרינדבערג צו בראַנדעס:

"הויכגעערטער הער דאָקטאָר,

— "אייער בריוו פול מיט פריינדשאַפט איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע אויפמונטערונג און אַ פרייד דערפאַר, ווייל איר זענט

אַ באַקאַנטער מאַן און אַ פּראָגרעסיווער מאַן, דערפאַר, ווייל איך בין אינגאַנצן דאָ איינער אַליין, אַזוי גוט ווי אַליין אין דעם קאַמף, וואָס איך האָב אָנגעהויבן. אייער אנערקענונג און נאָך מער אייער סימפּאַטיע האָט געשטאַרקט מיין מוט — אין אונדזער לאַנד לעבט מען ווי אַ טויטער מענטש און מען ווערט צעריסן אויף שטיקער נאָר צוליב איפּערזוכט (אַ קראַנקהייט ביי אַלע קליינע פעלקער!) און קיינער נעמט זיך נישט אָן פאַר דעם צווייטן. יאָ, דאָס האָט מען געזען, ווען מיין בוך ״דאָס רויטע צימער״ איז דערשינען און מען האָט זיך געוואָרפן אויפן שרייבער אויף אַ געמיינעם און שמוציקן אופן און קיין איינציקע שטימע האָט זיך נישט געלאָזט הערן קעגן דעם.

— ״איר קענט דעריבער פאַרשטיין, ווי שטאָלץ און שטאַרק איך פיל זיך פון אייער אנערקענונג, נישט נאָר אַלס אַ שרייבער אָבער טאַלאַנט״.

צו באַקומען אַזאַ אויפמונטערונג פון יענער זייט גרענעץ פון אַ באַקאַנטן שרייבער, פונעם רעדאַקטאָר פון ״פּאָליטיקען״, האָט צו יענער צייט געהייסן צו באַקומען דאָס גרויסע געווינס. דענע־מאַרק איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דעם שווערן קאַמף פאַר קולטור־באַנייאונג אין צפון פון אייראָפּע. אויך דער גרויסער נאָר־וועגער, הענריק איבסען, האָט שווער געליטן פון דער קליינ־לעכקייט פון זיינע אייגענע לאַנדסלייט. איבסענס ״בראַנד״ וואָלט מסתמא געבליבן יאָרן און יאָרן נישט געדרוקט, אויב געאָרג בראַנדעס וואָלט נישט באַשטאַנען אויף דעם, אַז דער דענישער פאַרלאַג ״גילדענדאל״ זאָל די באַרימטע דראַמע דרוקן. איבסענס ״נאָראַ״ און ״געדאַ גאַבלער״ האָבן זיך צוערשט באַוויזן אויף דער טעאַטער־בינע אין קאָפּענהאַגען.

**
*

*) Georg och Edvard Brandes, Brevveksling, T. VI. Gyldendal, Kobenhavn 1939.

די קאָרעספּאָנדענץ פון געאָרג און עדוואַרד בראַנדעס, פאַרלאַג גילדענדאַל, קאָפּענהאַגן, 1939.

סוף 1961 איז אין שטאָקהאָלם דערשינען אַ גרויסע אָפּ־האַנדלונג וועגן אווגוסט סטרינדבערג אונטער דעם נאָמען "דער פיינט פון דער געזעלשאַפט — אַ שטודיע אין סטרינדבערגס אַנאַר־כיזם" *). דער שרייבער הייסט סווען־גוסטאַוו עדקוויסט, מסתמא אַ פיניש־שוועדישער ליטעראַטור־פאָרשער, וועלכער איז גוט באַ־קאַנט מיט דער געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור און באַ־זונדערס מיט דער געשיכטע פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען. דאָס בוך איז 450 זייטן שטאַרק פון אַ גרויסן פאָר־מאַט, איז אויסגעצייכנט דאָקומענטירט און איז אַרויסגעגעבן פון דעם שוועדישן סאָציאַליסטישן פאַרלאַג "טידען" ("די צייט"). דאָס בוך איז פאַרטראַכט און עגשריבן מיט אַ גרויסן פאַרנעם. מען דערזעט אַן אַנדער סטרינדבער, ווי דער, וואָס איז שטענדיק גע־מאָלן פון ליטעראַרישע דילעטאַנטן, וועלכע האָבן געזען אויף דער בינע אַ פּאָר סטרינדבערג־פּיעסן און געהאַלטן זיך באַרעכטיקט צו שרייבן וועגן דעם עקסטראַוואַגאַנטן כאַראַקטער פון דעם גרויסן דראַמאַטורג.

דער מחבר פונעם אינהאַלטסרייכן בוך דערציילט אין זיין קורצער איינפירונג, אַז ער האָט זיך געווידמעט דער אַרבעט לויט דעם פאָרשלאַג פון זיין לערער, פּראָפעסאָר וויקטאָר סוואַנ־בערג, צו נעמען זיך "שטודירן סטרינדבערג׳ס סאָציאַליסטישן רעוואָלוציאָניזם". פּראָפעסאָר סוואַנבערג איז אַ וויכטיקער קענער פון דער געשיכטע פון פּאָליטישע און סאָציאַלע אידעען פון 19־טן יאָרהונדערט.

סטרינדבערג האָט אַ סך פאַרבראַכט אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט אין דער שווייץ און אין פראַנקרייך, האָט גענוי אָבסערווירט די פּאָליטישע באַוועגונגען און רעוואָלוציאָנערע אַקציעס. ער האָט גוט געקענט דעם אונטערשיד צווישן קאַרל מאַרקס׳עס און מיכאַיל באַקונינ׳ס טעאָריעס און דעם קאַמף, וועלכער האָט געפירט צו דעם אויסשליסן

---

*) Sven-Gustaf Edquist, **Samhällets Fiende.** En Studie in Strindbergs Anarkism. Tidens Förlag, Stockholm.

די אַנאַרכיסטן פונעם ערשטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל (1872). ער האָט דערוואַרטעט אַ רעוואָלוציע, אַן איבערקערעניש, דעם אָנהויב פון דער רעאַליזירונג פון אַנאַרכיזם. ער האָט דער־וואַרטעט דעם אויפשטאַנד פון פאָלק. ער האָט געקענט די "ניהי־ליסטישע" שטרעמונגען אין די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַווע־גונגען, אָבער דאָס וואָרט ניהיליזם האָט ער פאַרביטן מיטן וואָרט פאָלקסטימלעך. פון דער שווייץ און פון פראַנקרייך אַלאַרמירט ער און אַפּעלירט צו זיינע פריינד אין סקאַנדינאַוויע, צו עדואַרד בראַנדעס אין קאָפּענהאַגן, צו היידענשטאַם אין שוועדן, צו יאָנאָס לי אין נאָרוועגן. ער שרייבט ווי אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט. ער איז פּאָליטיש אַנטוויקלט, ער איז אַ רייפער פּאָליטישער דענ־קער. דרך אגב: אין אַ בריוו פון 12־טן יוני 1885 צו עדואַרד בראַנדעס, נאָך יאָרן פון צעשיידן זיך, מאַכט ער אַ באַמערקונג: "אומעטום זע איך, אַז די יידן זיינען דאָס זאַלץ פון דער ערד" *). קאַרל מאַרקס, פערדינאַנד לאַסאַל, היינריך היינע!...

אַ געוואַלדיקן איינדרוק האָט געמאַכט אויף סטרינדבערגן זאָלאַ'ס ראָמאַן "זשערמינאַל". ער האָט איצט דערוואַרטעט די אַקציע, די גרויסע אַקציע, אָבער ער האָט זיך נישט דערוואַרט די גרויסע אַקציע. ענדקוויסט שרייבט:

"—סטרינדבערג האָט גערעכנט, אַז מען קען דערוואַרטן מער פון אַנאַרכיזם ווי פון סאָציאַליזם" *).

אין אַ בריוו פון 1־טן מאַי 1887 צום פריינד, דעם באַרימטן מאָלער קאַרל לאַרסאָן, שרייבט סטרינדבערג:

" — ווען מיר האָבן מיט צוויי יאָר צוריק גערעדט וועגן סאָציאַליזם, האָסט דו געענטפערט: קיין סאָציאַליזם, בעסער אַנאַר־כיזם! מיינע דערפאַרונגען, די שטודיען, דאָס לעבן האָבן מיך געפירט אויך דערצו: איך בין אַן אַנאַרכיסט"... **).

די שטודיעס וועגן אווגוסט סטרינדבערג אין שוועדן גייען נאָך אַן נאָך אַלץ ביז צום היינטיקן טאָג...

---

*) „Samhällets Fiende" — S. 346-347.
**) „Samhällets Fiende" — S. 369.

# „די יאָזעפסאָנס"

אווגוסט סטרינדבערג, דער גרויסער שוועדישער דראַמאַטורג און סאַטיריקער, האָט אין אַ טאָג פון אַ פאַרביטערטער שטימונג קעגן אַלץ און אַלעמען אויסגעגאָסן זיין שווער האַרץ אויף די פּאָר שוועדישע יידן, וועלכע האָבן דעמאָלט געלעבט אין שוועדן און האָבן געהאַט געגוג אַמביציע און ענערגיע, כדי אויפצואַרבעטן זיך און פאַרנעמען אַ חשובן אָרט אין דער בירגערלעכער געזעל־שאַפט *). די נאָוועלע הייסט "מאָזעס". דער "מאָזעס", אַ קאַרי־קאַטור, וואָס פערזאָניפיצירט ביי סטרינדבערגן דעם באַזונדערן טיפּ פון אויפגעקומענע יידישע גבירים, איז פול מיט הומאָר. מען האַלט זיך ביי די זייטן, ווען מען לייענט די בייסיקע כלומרשט אַנטיסעמיטישע נאָוועלע.

מיר האָבן אָבער אין דער געשיכטע פון די שוועדישע יידן אַן אַנדער מין יידן, וואָס מיר אידענטיפיצירן מיט דעם נאָמען "יאָזעפסאָן". אַ גאַנצער בוקעט, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון "יאָזעפסאָנס" פון דער אייגענער משפחה, יידן, וואָס האָבן גרע־סערע פאַרדינסטן פאַר דער שוועדישער קולטור ווי די יידישע און אפילו נישט־יידישע "מאָזעסן" האָבן געהאַט. וועגן די יידישע יאָזעפסאָנס זיינען שוין געשריבן גרויסע ווערק און נאָך מער וועלן מסתמא געשריבן ווערן. מיר מעגן זיין שטאָלץ מיט די "יאָזעפ־סאָנס", אויב מיר זאָלן באַשטיין אויף דער אַמביציע צו האָבן אין שוועדן אַ וואָזשנעם יחוס־בריוו.

---

*) וועגן דעם אייגענעם ענין אויף די זייטן 98 — 88 פון דעם בוך.




זיבן ברידער יאָזעפסאָן

מיר פרעזענטירן דאָ אויף אַ בילד, וואָס נעמט אַריין נישט מער און נישט ווייניקער ווי זיבן ברידער יאָזעפסאָנס, אַ גרופּע פון אַ גאָר באַדייטנדן היסטאָרישן אינטערעס. די גרופּע געהערט צו דער עפּאָכע פונעם קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע פון די שוועדישע יידן. זי פּערזאָניפיצירט היינט דאָס שוועדישע יידנטום, מער ווי סטרינדבערגס "מאָזעס".

דער זיידע פון "די ברידער יאָזעפסאָן", וועלכע מען זעט דאָ אויפן בילד, האָט געהייסן דוד יאָזעפסאָן. ער איז געקומען פון פּרענצלאַו, דייטשלאַנד, קיין שוועדן אין 1780. ער איז געווען פון פאַך אַ לערער. זיין זון סאַלאָמאָן, אַ סוחר, דער פאָטער פון "די ברידער", האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיינער און טאַלאַנטיר־טער פרוי, בעאַטאַ לעווין. סאַלאָמאָן איז פרי געשטאָרבן און די אלמנה האָט געדאַרפט אַליין אויסהאַלטן און דערציען די קינדער. דאָס זיינען געווען פאַר איר יאָרן פון שווערער נויט, אָבער זי האָט דערגרייכט איר צוועק.

דער צווייטער אויף לינקס אינעם בילד, אווגוסט, איז דער פאָטער פון איינעם פון די היינטיקע פּראָמינענטע יידישע מנהיגים אין שוועדן, גונאַר יאָזעפסאָן, קנאַפּע דרייסיק יאָר פּרעזידענט פון דער געמיינדע אין שטאָקהאָלם, און דער פאָטער פון פּראָפע־סאָר ראַגנאַר יאָזעפסאָן, אַ באַקאַנטער קונסט־היסטאָריקער און מיטגליד פון דער שוועדישער אַקאַדעמיע.

דער דריטער אויף לינקס פון דעם בילד, לודוויג (1832 — 1899), איז געווען זייער באַקאַנט אַלס טעאַטער־שעף. ער איז אייגנטלעך דער הויפּט־בויער פון מאָדערנעם טעאַטער אין שוועדן. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט פּרעזענטירט דעם גרויסן נאָרוועגישן דראַמאַטורג איבסען אויף דער שוועדישער בינע. דער צווייטער פון רעכטס יעקב (1818 — 1880), איז געווען "מוזיק־דירעקטאָר" אין אופּסאַלאַ, אַ קאָמפּאָזיטאָר פון אַ סך לי־דער, וועלכע ווערן געזונגען ביז צום היינטיקן טאָג. ער איז געווען דער אמתער רעפּרעזענטאַנט פון דער ראָמאַנטישער עפּאָכע אין דער שוועדישער מוזיק. געווען צווישן די זיבן ברידער דערפּאָלג־

רייכע געשעפטסלייט, באַזיצערס פון האָטעלן, פאָטאָגראַפערס און אַזוי ווייטער.

די קרוין פון דער יאָזעפסאָנס משפּחה איז דער זון פון סעמי יאָזעפסאָן, (1814 — 1861), דער גרעסטער מאָלער, וואָס שוועדן האָט געהאַט, ערנסט יאָזעפסאָן (1851 — 1906). ערנסט יאָזעפסאָן איז אויך געווען אַ גוטער דיכטער, אַ טרוימער, וואָס האָט געלעבט אַ לעבן אין זיין אייגענער וועלט, אין זיין אייגענער גייסטיקער וועלט.

ווען מיט יאָרן צוריק איז אין פּאַריז אַראַנזשירט געוואָרן אַ רעטראָספּעקטיווע אויסשטעלונג פון מאָלעריי־קונסט אין שוועדן, האָבן די בילדער פון ערנסט יאָזעפסאָן פאַרנומען אַ צענטראַלן פּלאַץ. אַזאַ פּלאַץ פאַרנעמען זיי אויך אין די שוועדישע קונסט־גאַלעריעס.

ערנסט יאָזעפסאָן, אַן איינזאַמער מענטש, געבונדן מער פון אַלץ צו זיין מוטער, האָט אַ סך געוואַנדערט אין איראָפּע, פאַר־בראַכט אַ סך צייט און געאַרבעט אין שפּאַניע. זיינע בילדער פון שפּאַניע זיינען שעדעוורן פון אַ גרויסן קינסטלער.

וועגן דער מאָלעריי פון ערנסט יאָזעפסאָן איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע ליטעראַטור. זיין פּערזענלעכקייט און זיין שאַפן זיינען אַ טייל פון דעם שוועדישן כלל, נישט נאָר פונעם יידישן. ער האָט אַליין צוגעגרייט די מצבה פאַר זיין קבר. אויף איר האָט מען געלאָזט אויסקריצן די ווערטער:

— קינסטלער, דיכטער, פּיאָנער...

סטרינדבערגס "מאָזעס" קען באַטראַכט ווערן נאָר אַלס אַן אויסברוך פון היסטעריע...

ערנסט יאָזעפסאָן איז געווען אַ טראַגישע פיגור — אַזוי ווי סטרינדבערג איז געווען אַ טראַגישע פיגור. מיט אַ געוויסן אונטערשיד. ער האָט נישט חתונה געהאַט, ווי סטרינדבערג, דריי מאָל, ער האָט בכלל נישט חתונה געהאַט, זיין איינציקע ליבע איז געווען זיין מוטער, צו וועלכער ער איז געווען צוגעבונדן מיט לייב און לעבן. ער איז געווען איינזאַם, באַטראַכט די וועלט "סוב ספּעציא עטערניטאַטיס", ד. ה. פון דער הויך פון אייביקייט, זיין

ליריק איז געווען געוועבט פון זיידן און מעלאַנכאָליע. זיין קונסט איז פאַר אים געווען נישט קיין פאַך און נישט קיין באַרוף, נאָר אַ רוף פון די הימלען.

סטרינדבערג אַליין האָט באַוואונדערט ערנסט יאָזעפסאָן און האָט אים געווידמעט אַ נאָוועלע "די גרויסע" אַלס קעגנזאַץ צו אַן אַנדער נאָוועלע, וואָס הייסט "די קליינע", אין וועלכער ער שיל־דערט ליידנשאַפטלעך דעם מאַרטירער־וועג פונעם גרויסן קינסט־לער *). ווי עס פּאַסט פאַר סטרינדבערג זאָגט איינער פון זיינע העלדן וועגן יאָזעפסאָן:

"— דער, וואָס זיצט דאָרט איינזאַם, ווי אויסגעלאָשן, וואָלט געדאַרפט זיין דער ערשטער צווישן אונדז, אויב דו און אַזעלכע ווי דו וואָלטן נישט געמישט דעם גיפט־בעכער פאַר אים — און דו ביזט דאָך נישט ווערט אפילו, אַז ער זאָל שפּייען אויף דיר — ווייל איר זענט די, וואָס האָבן אים באַרויבט פון זיין ערע, ברויט און זעלבסט־באַוואוסטזיין...".

זיין גאַנץ לעבן האָט ערנסט יאָזעפסאָן געווידמעט דער מאַ־לעריי. ער האָט געצייכנט אין דער פרייער צייט. נאָך זיין טויט זיינען געבליבן פון אים איבער טויזנט צייכענונגען.

ערנסט יאָזעפסאָן איז געווען אין דער קונסט אַזוי ווי אווגוסט סטרינדבערג אין דער ליטעראַטור, אַ נאָוואַטאָר, אַ פּיאָנער, און האָט נאַטירלעך געהאַט ביטערע שונאים — אין דער קינסטלער־וועלט. אָבער ער איז געגאַנגען זיין אייגענעם וועג...

נאָך איידער ער איז געשטאָרבן, איז ער אנערקענט געוואָרן פאַר דעם גרויסן, געניאַלן קינסטלער פון שוועדן...

---

*) „ערנסט יאָזעפסאָן" פון פּער־אָלאָוו צענשטרעם, זייט 219.

# געאָרג בראַנדעס

**(1927 — 1842)**

מען קען נישט אָנהויבן שרייבן אַ בוך וועגן געאָרג בראַנדעס און מען קען נישט לייענען אַ בוך וועגן דעם גרויסן דעניש־יידישן ליטעראַטור־היסטאָריקער און דענקער נישט האָבנדיק אין זינען די ספּעציעלע אומשטענדן פון זיין לעבן און אַרבעט: כמעט זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען אַ פרעמדער צווישן אייגענע און נישט קיין אייגענער אַפילו אין זיין נאָענטסטער, אָבער פּאָרט אַ פרעמ־דער סביבה. פאַר יידן איז ער געווען צו ווייניק ייד, אין געוויסע יידישע נאַציאָנאַליסטישע קרייזן איז ער אָפּט באַטראַכט געוואָרן פשוט פאַר אַ יידן־פיינטלעכן גייסט; פאַר זיינע נישט־יידישע קרייזן איז ער געווען צופיל ייד, צופיל אינטערנאַציאָנאַליסט, כמעט אַנטי־דעניש...

די דאָזיקע פּערמאַנענטע טענות צו אים האָבן אים נישט געלאָזן צורו, ביז ער האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צו זיי, אַז ער האָט זיי צולעצט איגנאָרירט, ס'רוב נישט געענטפערט אויף זיי. אָבער פון צייט צו צייט פלעגט עס אויפרייסן ביי אים און דע־מאָלט האָט ער געגעבן דעם געהעריקן ענטפער. מיר ברענגען דאָ איינעם אַזאַ ענטפער פון געאָרג בראַנדעס, וואָס איז געדרוקט אין אַ באַנד פון זיינע סקיצן און אָפּהאַנדלונגען און איז דערשי־נען אין 1913 אונטער דעם נאָמען "ראַסן־טעאָריעס". די אַרט און ווייזע פון זיין שרייבן, דער סטיל, דער הומאָר געפּאָרט מיט אַ לייכטער איראָניע, זיינען דאָ טיפּיש פאַר דער שרייבערישער

פיזיאָגנאָמיע פון געאָרג בראַנדעס. אינעם אַרטיקל רעכנט ער זיך אָפּ מיט עטלעכע באַקאַנטע דענישע שרייבערס.

ווען דער באַנד מיט די אַרטיקלען איז דערשינען, איז בראַנדעס שוין געווען 71 יאָר אַלט. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1842 און געשטאָרבן אין 1927, זייענדיק 85 יאָר אַלט.

דאָ איז דער אַרטיקל, פון וועלכן מיר האָבן נישט איבער־זעצט נאָר אַ צענדליק שורות, צו סקאַנדינאַוויש פאַר פרעמדע לייענער.

געאָרג בראַנדעס שרייבט:

— "אין אַן אַרטיקל, וואָס הייסט: "געאָרג בראַנדעס און די דענישע דערציאונג", געשריבן פון יאַקאָב קנודסען, דעם אויס־געצייכנטן און פון אַלעמען אנערקענטן שרייבער, ווערט געזאָגט:

"געאָרג בראַנדעס איז אַ ייד פון אַ וואָזשנעם יחוס. איך ווייס, אַז ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָט ער נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם, ווייל עס האָט נישט קיין שום שייכות צום ענין, אָבער ווען עס רעדט זיך וועגן אים אַליין, האָט עס יאָ אַ שייכות. איך קען באמת נישט קיין שענערן לויב פאַר אַ מאַן, ווי דעמאָלט, ווען מען זאָגט וועגן אים, אַז ער איז אַ געבוירענער ייד, אָבער דאָס איז אַ געפערלעכע זאַך פאַר אים, ווען מען זאָגט עס צו זיינע נישט־יידישע מיטמענטשן, צווישן וועלכע ער לעבט — בפרט דעמאָלט, ווען ער ווערט זייער גייסטיקער פירער. פאַר אַ דורכ־שניט־מענטש שפּילט נישט דאָס נאַציאָנאַלע אַ צו גרויסע ראָלע, אָבער פאַר אַ גרויסן מענטשן איז דאָס נאַציאָנאַלע אַ געוואַלדיקער כוח און עס רופט זיך אָפּ אויף יעדן ברעקל פון זיין וועזן, אויף זיין בלוט, זיין נשמה — גאַנץ גלייך, צי ער אַליין באַטראַכט דאָס פאַר וויכטיק אָדער נישט. דער דאָזיקער עלעמענט באַשטימט אויך דעם כאַראַקטער פון זיין באַציאונג צו דעם פרעמדן פאָלק, צווישן וועלכן ער לעבט".

"מען האָט אונדז גייסטיק דעראָבערט, דווקא נישט עפּעס אַ פיינטלעכע מאַכט, אָבער פאָרט אַ פרעמדע מאַכט, אַ פרעמדע ראַסע. און געאָרג בראַנדעס איז אין דעם כמעט אַליין שולדיק".

עס אַנטוויקלט זיך דאָ ווייטער דער געדאַנק, אַז צוליב דעם

האָט זיך ״ס׳רוב אין דער וועלט פון שיינער ליטעראַטור, גאַנץ באַזונדערס אין דער וועלט פון קונסט״ אַריינגעקומען עפּעס ציגיי־נערישעס.

דער אַרטיקל (פון יאַקאָב קנודסען) איז בכלל דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרק אויסגעשפּראָכענעם גוטן ווילן. פון אַ ריין־פּערזענ־לעכן שטאַנדפּונקט וואָלט איך זיך גאָרנישט געקענט ווינטשן אַ גרעסערע אנערקענונג. נאַטירלעך בלייבן אונזערע פּערזענלעכע באַציאונגען מיט דעם העכסט־טאַלענטירטן שרייבער אַבסאָלוט אומבאַרירט.

זיין גרונד־געדאַנק איז פאַר מיר נישט ניי, ווייל אין אונדזערע צייטן שטויסט מען זיך אָן אויף אים אומעטום. ער איז פאַלש און פאַרפּלאָנטערט נאָר דעם קאָפּ... צווישן די ראַסן־טעאָרעטיקער זיינען דאָ טאַלאַנטן, אָבער צווישן זיי זיינען אויך דאָ גאַנץ אומ־ווויסנדע מענטשן.

צוערשט גאַנץ אַלגעמיינע געדאַנקען וועגן דעם:

יעדער מענטש, וואָס לעבט היינט, האָט מיליאַרדן מאָל מי־ליאַרדן פון אור־עלטערן. מען דאַרף זיין אַ זייער גלויביקער מענטש, כדי צו מיינען, אַז זיי האָבן אַלע געהערט צו דער אייגענער פאַ־מיליע.

מען מעג זאָגן, אַז אין יעדער פאַמיליע האָט אין פאַרשידענע עפּאָכן דאָס קינד געהאַט אַן אַנדערן פאָטער, ווי דער, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס דער אָפיציעלער פאָטער.

ריכאַרד וואַגנער, למשל, איז געוואָרן דער נאַציאָנאַל־העלד פון די דייטשע נאַציאָנאַליסטן. ער באַדייטעט פאַר זיי די העכסטע קינסטלערישע אַנטוויקלונג פונעם דייטשן פאָלק. אין אַ באַקאַנטער אָפּהאַנדלונג האָט ער אויסגעדריקט זיין אָפּשיי פאַר דעם ״יידישן וועזן אין דער מוזיק״. דאָס האָט ער אַריבערגעפירט אין דער מוזיק די אַלטע גערמאַנישע וועלט פון לעגענדעס. אָבער לויט יעדער וואַרשיינלעכקייט, איז עס כמעט ווי זיכער, אַז זיין אמתער פאָטער איז געווען דער יידישער שוישפּילער גייער. אין אים איז די מוטער געווען פאַרליבט, בשעת זיין פאָטער איז געווען

משוגע. מיט אים האָט זי חתונה געהאַט ווי נאָר וואַגנערס פאָטער איז געשטאָרבן. אָט דאָ האָט מען דעם גאַנצן נאַציאָנאַליזם.

און חוץ דעם: יעדעס מאָדערנע פאָלק, פונקט אַזוי ווי די, וואָס שטאַמען פון אַלטע צייטן, איז אַ רעזולטאַט פון כמעט אומ־באַרעכנבאַרע מישונגען פון פאַרשידענע פעלקער. פינאָ האָט נאָכגעוויזן, אַז אַ סך מער ווי פופציק פאַרשידענע פעלקער בילדן דאָס מאָדערנע פראַנקרייך. גאָלדשמידט האָט דאָס אייגענע באַוויזן וועגן דעם ישראל־פאָלק פון די אַלטע צייטן. די פלוידערייַ וועגן אַן אַרישער ראַסע, וועגן אַ סעמיטישער ראַסע א. א. וו. איז שוין לאַנג אויפגעגעבן פון די געלערנטע, אָבער ווערט נאָך אַלץ איבערגעחזרט עקשנותדיק פון אומוויסנדע מענטשן. הייַנט צו טאָג קען מען זיך גאָרנישט באַגיין אָן דעם. מען האָט זיך געניוטיקט אין אַ מין וויסנשאַפטלעכן אויסטויש, כדי צו באַווייזן די נאָענט־קייט צווישן פאַרשידענע שפּראַכן און מען האָט פאַבריצירט אַ גאַנצן ראָמאַן וועגן עפּעס אַ געהיימניספולן פאָלק, די אַריער, וואָס האָט געשאַפן בשעת זיין וואַנדערונג איבער דער וועלט די פאַרשידענע אייראָפּעאישע פעלקער. אָבער ראַסע און שפּראַך לאָזן זיך נישט צוזאַמענמישן; די גאַלען האָבן זיך אויסגעלערנט די שפּראַך פון לאַטיין, אָבער פון דעם זיינען זיי נישט געוואָרן רוימער.

אין מיין אַרטיקל "נאַציאָנאַליזם" האָב איך געצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט דערצו, אַז זיי, די צוויי נייע, נאַציאָנאַלע מלוכות, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן סוף פון 19־טן יאָרהונדערט: אי־טאַליע און דייטשלאַנד, האָבן די פירערשאַפט איבערגענומען דער אַמווייניקסטנס איטאַליענישער פּיעמאָנט און דאָס אַמווייניקסטנס דייטשע פּרייסן. צווישן די סלאַוון איז דאָס רוסישע פאָלק דאָס פירנדע פאָלק און איז אַליין אויך העלפט מאָנגאָליש.

זייער אָפט זיינען די נאַציאָנאַלע העלדן פון אַ פרעמדער אָפּ־שטאַמונג. פרינץ אייגען, דער נאַציאָנאַל־העלד פון עסטרייך, קומט גאָר פון סאַוואָי; דער אונגאַרישער נאַציאָנאַל־העלד גענעראַל טילי איז אַ פּאָליאַק, ס'הייסט פון אַ גאָר פרעמדער ראַסע; דער פראַנצויזישער מאָריץ פון סאַקסען איז אַ דייטש; נאַפּאָלעאָן איז

אַן איטאַליענער; דער דענישער (סקולפּטאָר) טאָרוואַלדסען איז אַ נאָרוועגער.

לאָמיר באַטראַכטן נאָר איין גרויס לאַנד, ווי למשל, פראַנק־רייך, וואו עס האָט זיך אין דער לעצטער צייט אַנטוויקלט אַ האַס צו די פרעמדע און אַן אָפּשטויסנדע באַציאונג צום פרעמדן בלוט. גראַדע אין דעם לאַנד איז אַ גרויסע צאָל פון די גלענצנדסטע מענטשן געווען פון פרעמדער אָפּשטאַמונג. מאָנטען׳ס מוטער איז געווען אַ פּאָרטוגעזישע יידישע פרוי! דער קאַרדינאַל רעץ, די מאַרשאַלן און הערצאָגן פון בראָגלי, גאַמבעטאַ, עמיל זאָלע, שטאַ־מען פון איטאַליע; מאַרשאַל פון בערוויק קומט פון ענגלאַנד; מאַק מאַהאָן פון אירלאַנד; אַנרי הוסיי פון גריכנלאַנד; רוסאָ, בענזשאַמען קאָנסטאַן, מאַדאַם דע סטאַל זיינען שווייצער; מיראַ־באָ האָט אין זיך געהאַט איטאַליעניש בלוט; סאַנקט־בעוו — ענגליש. רוסלאַנדס נאַציאָנאַל־דיכטער פּושקין האָט אין זיך געהאַט נעגער־בלוט; אַזוי האָט געפלאָסן נעגער־בלוט אין די אָדערן פון דעם עלטערן און פון דעם יינגערן אַלעקסאַנדער דיומאַ.

דער וויכטיקסטער נאַציאָנאַלער דיכטער פון שוועדן, בעלמאַן, קומט פון ברעמען; דעם גרעסטן סקולפּטאָרס זייערן סערגעלס עלטערן שטאַמען פון איינגעוואַנדערטע דייטשן. אין דענעמאַרק איז טארוואלדסען אַ האַלבער איסלענדער; איילענשלעגערס ביידע עלטערן קומען פון דייטשן; די קאָמפּאָניסטן (דענישע) קילאַו, וייזע און האַרטמאַן זיינען פון דייטשער אָפּשטאַמונג. האָלבערג, דער טאַטע פון דער דענישער ליטעראַטור, איז נישט קיין דעני־שער; איבסען, נאָרוועגנס באַרימטעסטער דיכטער, קומט פון אַ דענישער פאַמיליע פון ים־לייט, אין וועמענס אָדערן עס איז צוזאַמענגעמישט דייטש בלוט מיט שאָטלענדישן בלוט, דייטש און ווידער דייטש. אין אַ ביאָגראַפיע, וועלכע ער האָט אַליין אנער־קענט אַלס ריכטיק, האָט ער געלאָזט זאָגן, אַז קיין איינציקער טראָפּן פון נאָרוועגישן בלוט האָט נישט בייגעטראָגן צו דעם אויסבילדן זיך פון זיין טעמפּעראַמענט.

די נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג אין דעם מאָדערנעם איי־ראָפּע — צי דאָס איז אין פראַנקרייך, וואו די באַוועגונג ריכטעט

זיך ס׳רוב קעגן די פּראָטעסטאַנטן, אָדער אין דייטשלאַנד, עסט־רייך, רומעניע און רוסלאַנד, וואו עס ווענדעט זיך ס׳רוב קעגן יידן — איז אומעטום אויסגעשפּראָכן ״אַנטיסעמיטיש״. די באַוועגונג באַשטייט אויף דעם, אַז מענער און פרויען, וואָס זיינען אפשר פון יידישער אָפּשטאַמונג — ווייל וואו ווייסט מען דאָס אויף זיכער? — בלייבן שטענדיק אַ פרעמדער עלעמענט און קענען האָבן אַ נישט קיין געווינטשטן איינפלוס אויף אַ באַפעלקערונג פון אַ ראָמאַנישן, גערמאַנישן אָדער סלאַווישן יחוס.

דער דאָזיקער אויסטייטש דערשטוינט ספּעציעל, ווען מען הערט אים פון מענטשן, וועלכע רופן זיך אָן אַזוי הייס און ליידנ־שאַפטלעך קריסטן. די זינלאָזיקייט און חוצפּה פון דעם, לאָזט זיך ספּעציעל זען, ווען מען באַטראַכט דעם פאַקט, אַז קיין שום אידעען האָבן אַזוי שטאַרק נישט באַהערשט אייראָפּע און אַמע־ריקע, אייראָפּע אין משך פון קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר און אַמע־ריקע זינט עס איז אַנטדעקט געוואָרן, ווי קריסטנטום.

אין די מייסטע פאַלן ווייזט זיך אַרויס, אַז די פאַקטן, גאַנץ געוויינלעכע און נאָרמאַלע, רעדן פון אַן אַנדער איינפלוס. ראַשעל און סאַראַ בערנאַר ווערן שטענדיק באַטראַכט פאַר רעפּרעזענ־טאַנטן פון פראַנצויזישער שוישפּיל־קונסט, יאָהאַנע לואיזע היי־בערג פון דענישער טעאַטער־קונסט. העינריק הערץ געהערט צו דעם דענישן גייסטיקן לעבן, אַ פריינד און אַ חבר אין קאַמף פון י. ל. הייבערג. וועגן אַ מאַסע פון די מאָדערנע שרייבער ווייסט מען, אַז יידיש בלוט פליסט אין זייערע אָדערן; אין דער דעני־שער ליטעראַטור, צום ביישפּיל, זיינען דאָס יוליוס פרידעריציאַ, פּ. פּ. ריסט, מיליוס עריקסען און העינריק פּאָנטאָפּידאַן. די מעכ־טיקסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער וועלט, די דייטשע, איז געשאַפן פון פערדינאַנד לאַסאַל און קאַרל מאַרקס, צוויי מענער, וואָס ביידע זייערע עלטערן זיינען געווען יידן. די אידעען פון מאַרקס זיינען אַוועק ווייט איבער די גרענעצן פון דייטשלאַנד און האָבן פאַרכאַפּט די אַרבעטער־באַפעלקערונג פון גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע.

עס איז אַן אמת דאָס וואָס די פילאָזאָפיע האָט שוין פון

לאַנג אָן אנערקענט, אַז אַן איינפלוס קען נישט אויסגעאיבט ווערן צווישן צוויי קאַטעגאָריעס פון פאַרשידענעם כאַראַקטער (פאַולוס האָט געהאַט דעם אייגענעם כאַראַקטער ווי לוטער)...

נאַטירלעך, יאַקאָב קנודסען האָט רעכט: די דענער זיינען דעראָבערט געוואָרן פון אַ פרעמדער ראַסע. דאָס איז געשען אין די צייטן (פּרעהיסטאָרישע — וול. גר.) פון האַראַלד בלאָטאָן און אַנסגאַר. נאַטירלעך איז יאַקאָב קנודסען גערעכט, עפּעס ציגיינער־אַרטיקעס איז געווען אויך אין יעזוס קריסטוס אַליין, ווייל ער האָט געוואַנדערט אַלס פּרעדיקער פון שטאָט צו שטאָט, נישט האָבנדיק קיין היים, נישט האָבנדיק קיין פּלאַץ, וואו ער וואָלט געקענט צולייגן זיין קאָפּ. אפשר איז עס אויך דערפאַר, ווייל אין זיין לערנען איז געווען אַ פרעמדקייט, האָט מען עס נישט גע־קענט צופּאַסן לויט דער לערע פון גרונדוויג און מען האָט איר קיין מאָל נישט געקענט פּאָלגן אין דענעמאַרק...

ס'איז ווי איך האָב שוין פריער געשריבן:

ווען צעזאַרע באָרדזשיאַ איז געוואָרן דער באַרימטעסטער פירשט פון דער צייט פון איטאַליענישן רענעסאַנס, איז עס געשען דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ שפּאַניער. מאַזאַרין, נאַפּאָלעאָן, גאַמבעטאַ האָבן רעגירט פראַנקרייך נישט נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי זיינען געווען פון אַ פרעמדער אָפּשטאַמונג, נאָר גראָדע דערפאַר, ווייל זיי זיינען דאָס געווען. דערפאַר ווייל אין זיין גייסט זיינען געווען עלעמענטן פון פרעמדקייט (סלאַוויש) האָט ביסמאַרק געמאַכט אַזאַ איינדרוק אויף די דייטשן. דיזראַעלי האָט אַלס לאָרד ביקאָנספילד געקענט ווערן צוערשט דער פירער פון ענגלישן אַדעל און שפּעטער פון גאַנץ גרויס־בריטאַניע נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן און פאָראורטיילן, און היינט צו טאָג ווערט ער אַלץ מער אנערקענט מיט יעדן טאָג. קאַוואור האָט אין זיך גאָר נישט געהאַט פון אַ פּיעמאָנטעזישן אַדעלסמאַן — אַזוי ווי זיין נאָמען אַזוי איז אויך זיין וועזן געווען פראַנצויזיש. פּאַרנעל, דער נישט־געקרוינטער קעניג פון אירלאַנד, איז גאָר נישט געווען קיין אירלענדער, נישט קיין קעלטער, נאָר אַן ענג־

לענדער, אַפּילו אַ פּראָטעסטאַנט געווען, ס'הייסט, האָט צוגעהערט דעם אייגענעם פֿאָלק און דער אייגענער רעליגיע, קעגן וועלכע ער האָט געקעמפט מיט דעם אימפעט פון אַ קאַטוילישן קעגנער.

די פֿאַרשטעלונגען, וואָס יאַקאָב קנודסען האָט וועגן דער געפאַר פונעם יידישן פאָלק, ווערן געטיילט פון אַ געוויסער צאָל פון דענישע שרייבערס. אויך לאַנגע, צום ביישפּיל, האָט נישט לאַנג געשריבן אין אַ בריוו פון פאַריז, אַז די שטאָט פאַרלירט פון טאָג צו טאָג איר ספּעציעלן כאַראַקטער און דאָס איז הויפּט־זאַכלעך אַ דאַנק דער יידישער אינוואַזיע.

לויט זיין מיינונג האָבן די יידישע דראַמאַטיקער (ער רופט אָן אַנרי בערנשטיין און אַנרי באַטיי, וועלכער איז גאָר נישט קיין ייד) אַרויסגעיאָגט דעם "פראַנצויזישן גייסט" פון טעאַטער. ער דערמאַנט נישט פּאָרטאָ־ריש, וועלכער איז אַ סך גרעסער און וועמענס פּיעסן האָבן געמאַכט אַזאַ טיפן איינדרוק. מסתמא ווייסט נישט אויך לאַנגע, פון וואַנען ער שטאַמט. לאַנגע האָט עס ביטער באַקלאָגט, אַז אין פּאַריז זיינען נישטאָ מער די אַמאָליקע טעאַטער־קריטיקער, ווי קאַטול מענדעס און אַנרי באַר. עס זעט אויס, אַז ער ווייסט נישט, פון וואַנען זיי שטאַמען. פאַר סווען לאַנגע פעלט עס אין די פּיעסן פון בערנשטיין און באַטיי, וואָס זיינען "יידישע", חן, זיי האָבן נישט קיין שום הומאָר, קיין שום האַרציקייט, קיין שום רייך־מענטשלעכע סימפּאַטיע — אַ טויטע קעלט שלאָגט פון זייער נערוועזן אָפּטימיזם. "און זיי דערציילן כמעט גאַרנישט וועגן פראַנקרייך, וועגן פּאַריז; זייער פעאיקייט צו זען און צו אָבסער־ווירן איז ביז גאָר באַגרענעצט"... "זייערע פּיעסן האָבן אין זיך אַ מין באַזונדערן טרוקענעם פייער, וואָס זייער ראַסע באַזיצט".

דער אַממייסטן טיפּישער דיכטער פון יידישן פאָלק איז אין די נייערע צייטן היינריך היינע. פעלט אים חן? פעלט אים הו־מאָר? עס דוכט זיך, אַז ער האָט פון דעם שטאָף גענוג אויף צו פאַרטיילן עס צווישן צוויי מיליאָנען אַנטיסעמיטן. איז דאָס יידיש דאָס פעלן פון מענטשלעכער סימפּאַטיע? די באַרימטעסטע יידישע פיגור איז יעזוס. באַזיצט ער דאָס נישט?

עס איז געוואָרן אַ מאָדע אין דענעמאַרק און אין נאָרוועגן צו רעדן וועגן אַ טויטער קעלט, וואָס כאַראַקטעריזירט דאָס יידישע שאַפן. איז אנטאקאָלסקי אַלס סקולפּטאָר אָדער אַנטאָן רובינשטיין אַלס קאָמפּאָניסט קאַלט? איז אין עסטרייך אין אונדזערע צייטן אַרטור שניצלער אָדער הוגאָ פאָן האָפמאַנסטאַל קאַלט? איז דאָס וואַסערמאַן אין דייטשלאַנד?

אונדזערע גוטע שרייבער וואָלטן באַדאַרפט זיין גענוג קלוג, כדי נישט איבערצונעמען די מורא פון די דורכשניטס־טאַלאַנטן פאַר דעם גייסטיקן איינפלוס מצד די יידן. אין דענעמאַרק קומט פאָר אַ פאַרשלייערטע ליטעראַרישע אַנטיסעמיטישע אינטריגע. נישט לאַנג איז אין נאָרוועגן אַרויס אַ בוך פון אַ שרייבער, אַן אַדוואָקאַט ביים העכסטן געריכט, סאָקסלונד. אָן אַ גוזמא מעג מען זאָגן, אַז דאָס איז מייסט הומאָריסטישע בוך, וואָס איז ביז איצט געשריבן וועגן מאָדערנעם יידנטום. ער וואָרנט דאָס אָרימע נאָרוועגן צוליב דער פינצטערער געפאַר אַריינצופאַלן אין די הענט פון די פערציק יידן, וועלכע מען האָט אַריינגעלאָזן אין לאַנד אין 19־טן יאָרהונ־דערט. אַ געוויסער טעאָדאָר גאַספּאַרי, עפּעס אַ דיכטער, וועמענס פאָטער שטאַמט פון יידן, אַ פאַקט וואָס דער זון פאַרשוויגט, האָט אָפּגעדרוקט אין "אַפטענפּאָסטן" צוויי לאַנג עאַרטיקלען וועגן דעם בוך, אין וועלכע ער פאָלעמיזירט מילד מיט דעם אַדוואָקאַט. אין הסכם מיט די ראַסן־טעאָריעס פון יאַקאָב קנודסען און מיט דער סעמיטישער טויטן־קעלט פון בערנשטיין אין סוועז לאַנגע'ס אַרטיקל, שרייבט ער (טעאָדאָר גאַספּאַרי): "איז דער אייז־קאַלטער אָטעם, וואָס איז אין פאַרלויף פון פערציק יאָר געקומען פון דעם ליכט ברענגען פון געאָרג בראַנדעס'עס אַרבעט אַן אַנזאָג? אַ ליכט, וואָס איז בלענדענד קלאָר, אָבער אָן דער אַנדערער אייגנ־שאַפט פון ליכט: אָן וואַרימקייט, אָן האַרציקייט, אָן דעם אינערן געמיט...".

נישט אָפט האָט געאָרג בראַנדעס געגעבן זיך די מי אָפּצו־געבן זיך מיט אַזאַ מין פאָלעמיק. די קאָמפּאַניע קעגן אים איז אָנגעגאַנגען אַזוי אָפט און אַזוי אינטענסיוו, אַז עס וואָלט ביי אים נישט געבליבן קיין צייט פאַר זיינע פאָרשונגען און שרייבן, אויב

ער וואָלט רעאַגירט אויף אַלע אָנפאַלן. פון דעם דאָ געדרוקטן אַרטיקל איז גרינג צו זען, אַז די אָנפאַלן האָבן ס׳רוב געטראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער.

געאָרג בראַנדעס האָט אָבער געהאַט אויך גענוג אויסצושטיין פון אָנפאַלן מצד יידן. פאַנאַטישע ציוניסטן האָבן אים נישט גע־קענט מוחל זיין, וואָס ער האָט געענטפערט ד״ר הערצל אויף זיין איינלאַדונג מיטצואַרבעטן מיט אים מיט אַן אָפּזאָג, מיט אַ פריינד־לעכן בריוו, אין וועלכן ער האָט געווינטשט דערפאָלג דעם מחבר פון ״יידנשטאַט״, אָבער נישט אָנגענומען זיין קאָנצעפּציע וועגן דער יידן־פראַגע. דער דעניש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער האָט געהאַט זיינע אייגענע געדאַנקען און אידעען וועגן יידנטום און יידישער געשיכטע.

יידן האָבן פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל ביי יעדער געלעגנהייט זיך אידענטיפיצירן מיט יידישע אינטערעסן, אָבער ער האָט גע־האַט זיין אייגענע איינשטעלונג און זיך נישט געלאָזט אַריינזאָגן און דיקטירן. ער האָט אַליין געוואוסט, וואָס ער האָט צו טאָן. מען פלעגט אים פאַרביטערן דאָס לעבן פון אַלע זייטן און ער האָט צייטנווייז אָפּגעענטפערט יידן מיט דער אייגענער שאַרפקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעטענהט מיט די נישט־יידישע אָנגרייפער. ער האָט אָבער שטענדיק געטראָגן מיט כבוד און ווירדע זיין יידישן איך...

# די ווערק פון געאָרג בראַנדעס
# אין אַ כראָנאָלאָגישער אָרדענונג

1. דואַליזם אין דער נייעסטער פילאָזאָפיע. 1866
2. עסטעטישע שטודיען. 1868
3. פראַנצויזישע עסטעטיק אין אונדזער צייט.
אַן אָפּהאַנדלונג וועגן היפּאָליט טען. 1870
4. קריטיק און פּאָרטרעטן. 1870
5. הויפּט־שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון 19־טן יאָרהונדערט.
פּאָרלעזונגען געהאַלטן ביים קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט,
הערבסט 1871. עמיגראַנטן־ליטעראַטור, 1872. 1871
6. אויפקלערונג און פּאַרטיידיקונג. אַנטי־קריטיק. 1872
7. „הויפּט־שטרעמונגען"... פּאָרלעזונגען, הערבסט 1873. די ראָמאַנ־
טישע שולע אין דייטשלאַנד. 1873
8. „הויפּט־שטרעמונגען"... פּאָרלעזונגען, הערבסט 1873. די רעאַק־
ציע אין פראַנקרייך. 1873
9. „הויפּט־שטרעמונגען"... פּאָרלעזונגען, פרילינג 1874 און 1874
הערבסט 1875. נאַטוראַליזם אין ענגלאַנד. בייראָן און זיין
גרופּע 1875
10. דענישע דיכטער ; כאַראַקטער־בילדער. 1877
11. סערען קירגעגאָרד. 1877
12. יעסאיא טעגנער, ליטעראַטור־פּסיכאָלאָגישע שטודיע. 1878
13. בענזשאַמען דיזראַעלי, יארל ביקאָנספילד, אַ ליטעראַרישע כאַ־
ראַקטעריסטיק. 1878
14. פערדינאַנד לאַסאַל, אַ קריטישע שטודיע. 1881
15. „הויפּט־שטרעמונגען"... פּאָרלעזונגען, הערבסט 1879. די ראָמאַנ־
טישע שולע אין פראַנקרייך. 1879
16. מענטשן און שאַפונגען אין דער נייער אייראָפּעאישער
ליטעראַטור. 1883

17. מענער פון מאָדערנעם דורכברוך. 1883
18. לודוויג האָלבערג. 1884
19. בערלין, די הויפּטשטאָט פון דייטשלאַנד. 1885
20. איינדרוקן פון פּוילן 1888
21. איינדרוקן פון רוסלאַנד. 1888
22. דענישע פּערזענלעכקייטן. 1889
23. פרעמדע פּערזענלעכקייטן. 1889
24. „הויפּט־שטרעמונגען"... פאַרלעזונגען אין 1883 און 1887. דאָס
יונגע דייטשלאַנד. 1890
25. אויסלענדישע נאָענטע און פּערזענלעכקייטן. 1893
26. וויליאַם שעקספּיר, דריי בענדער. 1895 — 1896
27. הענריך היינע. 1897
28. יוליוס לאַנגע. 1898
29. יוגנט־לידער. 1898
30. הענריק איבסען. 1898
31. דענעמאַרק אין דרום־יוטלאַנד. 1899
32. געזאַמלטע שריפטן. 1899 — 1902
33. געזאַמלטע שריפטן. 1903 — 1906 — 1910
34. פינף דענישע דיכטער. 1902
35. זעלבסטביאָגראַפיע, דריי בענדער. 1905 — 1908
36. אַרמאַן קאַרעל. 1911
37. פויגל־פּערספּעקטיוו. 1913
38. געטע, צוויי בענדער. 1915
39. וועלט־מלחמה. 1916
40. וואָלטער, צוויי בענדער. 1916 — 1917
41. נאַפּאָלעאָן און גאַריבאַלדי. 1917
42. צעזאַר, צוויי בענדער. 1918
43. דענעמאַרק, געזאַמלטע שריפטן. 1919
44. רעדעס. 1920
45. מיקעלאַנדזשעלאָ, צוויי בענדער. 1921
46. האָמער. 1921
47. טאַלייראַן 1923
48. פראַנקרייך אין 18־טן יאָרהונדערט. 1924
49. די לעגענדע וועגן יעזוס. 1925
50. העלאַס. 1925
51. פּעטרוס, אַפּאָסטאָל. 1926
52. אורקריסטנטום. 1927

חוץ די דאָזיקע ווערק, וואָס זיינען כמעט אַלע פון גאָר אַ גרויסן פאַרנעם — די "הויפּט־שטרעמונגען" מאַכן אויס זעקס בענדער, די צוויי בענדער וועגן צעזאַר פאַרנעמען כמעט עלף הונדערט זייטן, די דריי בענדער וועגן שעקספּיר אַכט הונדערט זייטן, האָט געאָרג בראַנדעס איבערגעזעצט פון ענגליש אויף דעניש עטלעכע ווערק פון דזשאָן סטיוואַרט מיל; געשריבן איינלייטונגען צו אַ גרויסער צאָל ביכער; איבערגעזעצט רענאַנס אָפּהאַנדלונג וועגן שפּינאָזאַ; אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט זיין ברודער עדוואַרד בראַנ־דעס זעקס בענדער ליטעראַטור און ליטעראַטור־געשיכטע "דאָס 19־טע יאָרהונדערט" און אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן גע־שריבן סיסטעמאַטיש אָפּהאַנדלונגען פאַר דער קאָפּענהאַגענער ציי־טונג "פּאָליטיקען".

# פערדינאַנד לאַסאַל

**(1864 — 1825)**

הונדערט יאָר ווערט היי־יאָר זינט דער דאָזיקער זעלטענער פאָלקס־טריבון, אַן אמתער אָדלער, פול מיט נייע אידעען וועגן סאָציאַלן יושר, פול מיט דינאַמיזם און שוואונג, איז פּלוצלונג אומגעבראַכט געוואָרן אין אַ זינלאָזן און, מען מעג זאָגן, אומ־ווירדיקן קאַמף. פערדינאַנד לאַסאַל, געבוירן אין אַ יידישער פאַ־מיליע אין ברעסלאַו, אין 1825, איז דערשאָסן געוואָרן אין אַ דועל אין זשענעווע אין 1864, נישט זייענדיק קיין 40 יאָר אַלט. דער מערדער איז געווען אַ רומענישער באָיאַר, פּרינץ יאַנקאָ ראַ־קאָוויטש, אַ סטודענט אין דעם זשענעווער אוניווערסיטעט. די דועל איז פאָרגעקומען צוליב אַ שיינער יונגער מיידל, מיט וועל־כער דער סטודענט האָט געזאָלט חתונה האָבן און וועמענס פאָטער האָט גראָב באַליידיקט לאַסאַל. דער דייטש־יידישער אַרבעטער־פירער האָט זיי אַלעמען קוים געקענט. דעם 31־טן אויגוסט 1864 איז לאַסאַל געשטאָרבן און איז דעם 14־טן סעפּטעמבער 1864 באַגראָבן געוואָרן אויף דעם יידישן בית־עולם פון ברעסלאַו. אַ שטערן, ווי אַ מעטעאָר, האָט זיך בליצשנעל אַראָפּגעלאָזן און פאַרשוואונדן.

עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס דער נאָמען פונעם מאַן, וועלכער איז שוין אין זיינע גאַנץ יונגע יאָרן געוואָרן אַ לעגענ־דאַרע פיגור, איז נאָך זיין טויט געוואָרן אַ לעגענדע. אַ גלענצנ־

דער רעדנער, אַ טיפּזיניקער שרייבער, אַ הויכגעבילדעטער פילאָזאָף, אַ פירער פון אַן ערשטער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע איז פּלוצלונג געפאַלן אַן אַ פאַרוואָס, אָן אַ פאַרוועז. לאַסאַל האָט זיך פאַרליבט אין דעם שיינעם מיידל, וועלכע ער האָט זייער ווייניק געקענט, און געוואָלט חתונה האָבן מיט איר. אַן עפּיזאָד פון אַ ביליקן ראָמאַן האָט פאַרענדיקט די קאַריערע פון אַ גייסטרייכן, מוטיקן פירער מיט ליידנשאַפטן שטאַרקער פון אים אַליין.

גראָד די וואָס האָבן באַוואונדערט דעם אויפקום פון דעם יונגן גלענצנדן פירער, די גרויסע האָפנונג אין דעם נייען דייטשלאַנד אונטער דער פירערשאַפט פון דעם ביסמאַרק־יונקערטום, זיינען געבליבן געפּלעפט פון דעם לייכטזיניקן פאַרשווינדן פון זיין לעבן.

דער זשענעווער כראָניקער פון יענער צייט דערציילט, אַז מער פון פינף טויזנט מענטשן זיינען געווען ביי דער טרויערצערעמאָניע אין דעם מאַסאָנען־טעמפּל אין זשענעוועו. צווישן די אָנוועזנדיקע איז אויך געווען מיכאיל באַקונין. די שווייץ און גאַנץ באַזונדערס זשענעווע איז צו יענער צייט געווען אַ וויכטיקער צענטער פאַר פּאָליטישע עמיגראַנטן. דער דייטשער אַרבעטער־פאַראיין האָט אין 1891 אַוועקגעשטעלט אַ מאַרמאָרשטיין אויפן פּלאַץ הינטער זשענעוועו, וואו די דועל איז פאָרגעקומען. אויפן שטיין זיינען אויסגעקריצט די דאַטע פון זיין געבורט און די דאַטע פון זיין טראַגישן טויט.

*
**

דער ערשטער און אין פאַרלויף פון מערערע צענדליקער יאָרן דער איינציקער ביאָגראַפער פון פערדינאַנד לאַסאַלס לעבן און שאַפן איז געווען דער דעניש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער געאָרג בראַנדעס, וועלכער האָט זיך צו יענער צייט באַזעצט אין בערלין נאָך זיינע אייגענע גרויסע אידעאָלאָגישע קאָנפליקטן אין קאָפּענהאַגען. געאָרג בראַנדעס האָט געמוזט דורכפירן אַ גרויסע פאָרשונגס־אַרבעט, אַרומפאָרן אין דייטשלאַנד און געפינען

מענטשן, וועלכע האָבן פֿערזענלעך גוט געקענט לאַסאַל. די ער־
שטע סקיצן צו דעם בוך וועגן לאַסאַל האָבן זיך געדרוקט אין
דעם דייטשן זשורנאַל פֿון געאָרג און עדואַרד בראַנדעס "דאָס
נײַנצענטע יאָרהונדערט" אין פֿאַרלויף פֿון די יאָרן 1874 — 1875,
ד. ה. צען יאָר נאָכן טויט פֿון לאַסאַל. עס האָט זיך אויך געדרוקט
דער מאַטעריאַל אין אַ וואָכנבלאַט אין דײַטשלאַנד מיט אַ צירקו־
לאַציע פֿון צען טויזנט קאָפּיעס. ווען דאָס בוך איז דערשינען
האָט עס געהאַט אין דײַטשלאַנד אַ גרויסן דערפֿאָלג און איז איבער־
געזעצט געוואָרן אין פֿאַרשידענע שפּראַכן. גאָר אַ גרויסן דער־
פֿאָלג האָט דאָס בוך געהאַט אין רוסלאַנד. די פּערזענלעכקייט פֿון
לאַסאַל, זײַנע פֿילאָזאָפֿישע שריפֿטן, זײַן אויפֿקומען און זײַן מוט
האָט פֿאַסצינירט מענטשן, האָט פֿאַרכאַפּט די פֿאַנטאַזיע, האָט גע־
זוכט אַן ענטפֿער אויף הונדערט פֿראַגן פֿון יענער צײַט — נאָך
דער רעוואָלוציע פֿון 1848, ביים אָנהויב פֿון דער גרויסער אינ־
דוסטריאַליזאַציע אין אייראָפּע, ביי די ערשטע גרויסע פֿאַרזוכן צו
אָרגאַניזירן אַ ברייטע אַרבעטער־באַוועגונג. צווישן די יאָרן 1848
און 1864 איז די צײַט, ווען די דײַטשע אימפּעריאַליסטישע עקס־
פּאַנסיע האָט זיך געגרייט צו אירע גרויסע קריגס־קאַמפּאַניעס:
1864 — די מלחמה פֿון פּרייסן קעגן דענעמאַרק, פֿון וועמען מען
האָט צוגענומען די פּראָווינצן שלעזוויג און האָלשטיין; 1866
— די מלחמה קעגן עסטרייך־אונגאַרן און 1870 — 1871 — די
מלחמה קעגן פֿראַנקרייך, פֿון וועלכער מען האָט צוגענומען עלזאַס
לאָטרינגען. בשעת דעם גרויסן נצחון איבער פֿראַנקרייך איז אינעם
פּאַלאַץ פֿון ווערסאַל געגרינדעט געוואָרן, ריכטיקער געזאָגט, אויס־
גערופֿן געוואָרן די גרינדונג פֿון דער דײַטשער אימפּעריע מיט
אַ האָהענצאָלערן אין דער שפּיץ. עס איז אמת, אַז ביסמאַרק האָט
באַוואונדערט דעם קלוגן און ברויזנדן פֿערדינאַנד לאַסאַל, הגם
די לעגענדע וועגן דעם לעצטנ'ס איינפֿלוס אויף דעם אײַזערנעם
קאַנצלער איז שטאַרק איבערטריבן. זיי האָבן זיך געטראָפֿן נאָר
איין איינציק מאָל און עס איז זייער צווייפֿלהאַפֿט, צי לאַסאַל
וואָלט געקענט באַרואיקן דעם אַוואַנטוריסטישן אימפּעט פֿונעם
פּרייסישן יונקערטום. עס איז אָבער פֿאַרט געווען אַ גרויסע קאָ־

טאַסטראָפע זיין אומדערוואַרטעטעס פאַרשווינדן פון דער סצענע אין אַזאַ וויכטיקן פאַר גאַנץ אייראָפּע מאָמענט.

*
**

פערדינאַנד לאַסאַל איז געבוירן געוואָרן אין דער אַלטער גרויסער יידישער שטאָדט ברעסלאַו, וועמענס נאָמען איז אַזוי אָפט פאַרבונדן מיט דעם נאָמען פון אונדזער היסטאָריקער גרעץ (1817 — 1891). לאַסאַלס פאָטער איז געווען אַ יידישער געשעפטס־מאַן, היימאַן לאַסאַל, אַ טיכטיקער און פיינער מאַן. עס איז דאָ געווען די ספּעציפיש־יידישע בירגערלעכע סביבה. דאָס איז געווען די סביבה, וואָס האָט פון קינדווייז אָן אַרויסגערופן ביי לאַסאַל אַ ווידערווילן. עס איז נישט געווען דער גרויסער יידישער קאַפּי־טאַליזם, אָבער עס איז דאָ געווען אַלץ איינגעטונקען אין געשעפט, אין געלד־אינטערעסן. ער האָט זיך אַלס יונגער בחור געפילט, ווי אַ וואַרימער ייד, וועלכער האָט שטאַרק רעאַגירט אויף אַלץ, וואָס איז געווען יידיש. אַלס אַ 14־יאָריקער בחור פאַרשרייבט ער אין זיין טאַגעבוך, ווי אויפגעבראַכט ער איז צוזעענדיק, ווי יידן זיינען נישט גענוג שטאָלץ ביי זיך, כדי מיט ווירדע צו פאַרטיי־דיקן זייער צוגעהעריקייט צום יידנטום. אין 1840 ווערט באַקאַנט דער בלוט־בילבול פון דמשק (דאַמאַסקוס) און די פּאָגראָמען אויף יידן. דאָס רופט אַרויס שטורמישע פּראָטעסטן ביי לאַסאַל. אונ־טער דער דאַטע פון 21־טן מאַי 1840 פאַרשרייבט ער ביי זיך אין טאגעבוך: „אָ, ס׳איז שרעקלעך צו לייענען, שרעקלעך צו הערן! די האָר שטעלן זיך אַוועק אויפן קאָפּ, דאָס האַרץ און אַלע געפילן פאַרוואַנדלען זיך אין כעס! אַ פאָלק, וואָס קען דאָס טאָלע־רירן, איז אַ מיזעראַבל פאָלק!". „יידן וואָלטן געדאַרפט אונטער־צינדן דאַמאַסקוס פון אַלע עקן, אויפרייסן די שטאָדט און אונטער־גיין צוזאַמען מיט זייערע שונאים...".

געאָרג בראַנדעס שרייבט: „לאַסאַל פלעגט אין די שפּעטערע יאָרן זאָגן: ס׳זיינען דאָ צוויי זאַכן, וואָס איך האָב פיינט מער פון אַלץ אין דער וועלט: זשורנאַליסטן און יידן און איך געהער

דאָך צוביידע. אָבער ווען ער איז געווען 15 יאָר אַלט, האָט ער זיך געפילט ווי אַ פּרינץ פון ישראל...".

דער יונגער לאַסאַל איז שטאַרק צוגעבונדן צום פּאָטער און מוטער, צו דער משפּחה, אָבער ער באַטראַכט זיך אַלס אַ זייער וויכטיקער ווען, האָט אַ סך אַמביציע און זיכער אַ סך פּלענער פאַר דער צוקונפט. ער פאַרלאָזט די לאַטיין־שולע אין ברעסלאַו און באַזוכט אַ געוויסע צייט די האַנדלס־שולע אין לייפּציג. ניין, די קאַריערע פון אַ געשעפטסמאַן ציט אים נישט צו זיך. ער האָט זיין אָרט געזען אין צענטער פון דער גרויסער וועלט, אינמיטן פון די גרויסע געשעענישן. ער דאַרף זיך אַרומקוקן, ער דאַרף זיך נעמען צו ערנסטע שטודיען, אַריינדרינגען אין די געשעענישן, באַנעמען און פאַרשטיין זייער צוזאַמענהאַנג. לאַסאַל האָט זיך אָפּ־געגעבן פילאָזאָפישע שטודיען.

צוויי גייסטער, צוויי יידישע רעוואָלוציאָנערע גייסטער, פאַר־כאַפּן פערדינאַנד לאַסאַל אין די יאָרן פון זיין יוגנדלעכן אויפ־ברויז און זיין זעלבסטשטענדיקן זוכן: דאָס זיינען לודוויג בערנע מיט זיינע "בריוו פון פאַריז" און היינריך היינע, דער דייטשער לאָרד בייראָן מיט זיין קוק אויף דער מאָדערנער געזעלשאַפט. די צוויי אַזוי פאַרשידענע אין זייער כאַראַקטער און אין זייער קריטישער מעטאָדע יידן האָבן געקענט עפענען די אויגן פון אַ וויסנס־דורשטיקן יונגן מענטשן, געקענט אים געבן מער ווי צוויי אוניווערסיטעטן, מער ווי די לעקציעס פונעם אָפּגאָט־פילאָזאָף העגעל. היינע האָט געשריבן פאַר דייטשלאַנד וועגן פראַנקרייך און פאַר פראַנקרייך וועגן דייטשלאַנד. בערנעס בריוו פון פראַנק־רייך האָבן געגעבן די שאַרפע אַנאַליזע פון אַ נייער וועלט. אַזוי שטאַרק איז געווען דער איינדרוק און דער איינפלוס פון בערנע און היינע אויף פערדינאַנד לאַסאַל, אַז ער האָט זיך געמוזט צייטנ־ווייז פרעגן, צי זיי זיינען נישט צו עקסטרעם אין זייערע אָפּשאַ־צונגען און מיינונגען.

גאַנץ פאַסצינירנד קלינגט די געשיכטע וועגן דעם צוואַנציק־יאָריקן לאַסאַלס ערשטן באַזוך אין פאַריז און זיין טרעפן זיך מיט היינע. עס איז געווען נאַטירלעך, אַז דער יונגערמאַן איז געווען

באַגייסטערט צו טרעפן דעם וועלט־באַרימטן, שטענדיק לעבעדיקן און שטענדיק שפּרודלנדן דיכטער, וועמען ער האָט אַזוי פיל גע־לייענט און באַוואונדערט. וויכטיק איז, אַז היינע איז געווען מיט אַ מאָל באַצויבערט פון דעם יונגנמאַן. דער 46־יאָריקער דיכטער האָט שוין געהאַט גענוג ענטוישונגען אין לעבן און איז געווען זייער פּאַרזיכטיק ביים באַגעגענען נייע מענטשן, אָבער פאַר לאַ־סאַל האָט זיך דאָס האַרץ פון דעם דיכטער מיט אַ מאָל געעפנט. ער האָט זיך אין אים גוט אַריינגעקוקט און האָט אים דערקענט. אין אַ בריוו צו זיין פריינד אין בערלין, וואַרנהאַגען פאָן ענזע, דער מאַן פון דער באַרימטער ראַשעל וואַרנהאַגען, שרייבט היינע:

"— מיין פריינד, הער לאַסאַל, וואָס וועט אייך איבערגעבן דעם בריוו, איז אַ יונגערמאַן מיט די מייסט־אויסגעצייכנטע גייסטיקע אייגנשאַפטן, מיט דעם גרונדלעכסטן וויסן, מיט דעם שאַרפסטן בליק פון אַ מאַן, וואָס איך האָב ווען עס איז געטראָפן".

היינעס באַגייסטערונג פאַר דעם יונגן לאַסאַל האָט אַ באַ־זונדערע באַדייטונג, ווען מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז דער מחבר פון די "שלעזישע וועבערס", דאָס באַרימטע שטורמיש־רעוואָלו־ציאָנערע ליד, איז געווען אַ סען־סימפּאַטיסט, אַן אַנטיילנעמער אין אַ באַוועגונג, וואָס איז געווען ווייט פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, וואָס האָט אָבער פאָראויסגעפילט און פאָראויסגעזאָגט די אָרגאַני־זירטע באַוועגונג פון די פאָלקס־מאַסן. דער דיכטער האָט געזען אין דעם יונגנמאַן פון ברעסלאַו דעם ענטוזיאַסטישן פאָלקס־פירער אין דער צוקונפט....

**
*

די גלאַנץ־עפּאָכע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און איר הויפּטבאַזע, די "געווערקשאַפטן", געהערן צו דעם אָנהויב פון דעם היינטיקן יאָרהונדערט, ווען ביסמאַרק און מאָלטקע זיינען נישט נאָר פאַרשוואונדן פון דער סצענע, נאָר זיינען אויך אַוועק פון דער וועלט; ווען דאָס פּרייסישע יונקערטום האָט דאָמי־נירט גאַנץ דייטשלאַנד און אין דער שפּיץ פון דעם אימפּעריאַליס־טישן דורך און דורך מיליטאַריסטישן און מיליטאַנטישן קייזער־

רייך איז געשטאַנען דער אָנגעבלאָזענער, באַמבאַסטישער און גע־נוג בלאָפּערישער ווילהעלם דער צווייטער.

בראש פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז גע־שטאַנען דעמאָלט די הערלעכע פיגור פון אויגוסט בעבעל, אַ זעלטענער, וואונדערלעכער רעדנער, אַ מאַן פון פאָלק, אָבער אַרומגערינגלט פון אַ גרויסער גרופּע אַרבעטער־פירערס, ווי: זינגער, עדואַרד בערנשטיין, דאַוויד. צו די גייסטרייכע אידעאָ־לאָגן פון דער באַוועגונג האָט געהערט דער טיפער טעאָרעטיקער קאַוטסקי.

עס זיינען אַוועק זעכציק יאָר זינט די גרויסע פּאָליטישע און זייער שאַרפע דעבאַטן אין רייכסטאַג צווישן בעבעלן און דעם רייכסקאַנצלער בילאָוו, וועלכער איז אויך געווען אַ גרויסאַרטי־קער רעדנער — אָבער דער שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט דעמאָלט בייגעוואוינט אַ סך זיצונגען פון דעם רייכסטאַג, געדענקט די דאָזיקע דעבאַטן אַזוי ווי ער וואָלט זיי געהערט מיט אַ פּאָר טעג צוריק. אַזוי קלוג פּאָליטיש און ווירדיק סאָציאַליס־טיש איז געווען דאָס אויפטרעטן פון דער פּאַרטיי. אָבער מיט וואָס האָט זיך געענדיקט די געשיכטע פון דער פּאַרטיי, ווען היטלער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין דייטשלאַנד, ווען אַ משו־גענער, געשלאָגענער אָפיציער ווי גערינג האָט פּרעזידירט די ערשטע פייערלעכע זיצונג פון רייכסטאַג אונטער דער נאַצי־רע־זשי און שיידעמאַן, דער פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איז געזעסן אין זאַל און נישט געהאַט נישט דעם מוט און נישט די קראַפט זיך אויפצוהייבן און אויפרייסן די זיצונג, לאָזן הערן און אָפּהילכן אין דער וועלט זיין פּראָטעסט?!

דאָס איז געשען מיט קנאַפּע 50 יאָר נאָך דעם טראַגישן טויט פון פערדינאַנד לאַסאַל, אין יאָר 1864, אַ מאַן נישט נאָר פון פערזענלעכן מוט און קוראַזש, נאָר אויך אַ מאַן פון גרויסן שוואונג און זיין דענקען, אַ גרויסער וויזיאָנער...

פערדינאַנד לאַסאַל איז געווען אַ וואונדערלעכער רעדנער און דעבאַטירער. ער האָט באַקומען אַ גרויסע פילאָסאָפישע אויסביל־

דונג און אַ דיסקוסיע, וואָס האָט ביי אים תיכף אָנגענומען די פאָרעם פון אַ ראַפינירטן פּילפּול, איז געוואָרן זיין צווייטע נאַטור. אַזוי ווי ער איז פון אַ ליבהאָבער אַדוואָקאַט געוואָרן אַ טיפזיניקער אַנאַליטיקער פון יורידישע באַגריפן און אַן ערנסטע אויטאָריטעט אין רעכט־פילאָסאָפישע פאָרמולירונגען, אַזוי איז ער געוואָרן דער שאַרפער קאָפּ אין אַנאַליזירן די באַגריפן פון אַרבעט און קאַפּיטאַל. פאַר מאַרקס און פאַר קאַוטסקי האָט ער פּאָפּולאַריזירט די נייע אידעען.

זיין אַנאַליז פון דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס האָט קלאָר אַרויס־געבראַכט די ראָלע פון דעם אַרבעטער. דאָס האָט געפּאַסט פאַר דעם באַוואוסטזיין פון דער נייער אינדוסטריעלער אַרבעטער־מאַסע, אָבער נישט פאַר די רעאַקציאָנערע באַזיצערס פון דער אינדוסט־ריע. ער האָט גערעדט אויף פאַרזאַמלונגען, געשריבן, אויפגע־קלערט און אַפּעלירט צו דעם פאָלק.

מען האָט לאַסאַלן אָנגערופן "דער געבוירענער אַגיטאַטאָר", ווייל ער האָט אַן אויפהער גערעדט און געפּרעדיקט, גערופן און אַגיטירט. הגם דער "קאָמוניסטישער מאַניפעסט" פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס האָט אַלע געדאַנקען און אידעען, וואָס לאַ־סאַל האָט פריער געפּריידיקט, האָט מאַרקס נאָך דעם טויט פון לאַסאַלן גערעדט פון זיין גרויסער פּראַקטישער אַרבעט אָן דער נייטיקער טעאָרעטישער צוגעגרייטקייט. אויף וויפיל דאָס איז נישט ריכטיק, קען מען זען פון לאַסאַלס שריפטן. נאָר פון מערץ 1862 ביז 1864 האָט ער אָנגעשריבן נישט ווייניקער פון צוואַנציק שריפטן, צווישן זיי דריי פיר ערנסטע ביכער און די איבעריקע, נישט געקוקט אויף זייער קורצער און לייכטער פאָרעם, געשריבן מיט אַ וויסנשאַפטלעכער באַגרינדונג. מיר ברענגען דאָ אַ רשימה פון די צוואַנציק שריפטן מיט זייערע דייטשע טיטלען, כדי דער לייענער זאָל קענען אַליין משפטן:

**1862: Herr Julian Schmidt der Literaturhistoriker. — Ueber Verfassungswesen. — Arbeiterprogramm. — Die Philosophie Fichtes. — Die Wissenschaft und die Arbeiter. — Criminalprocess, 2nd Instanz.**

**1863 :** **Indirecte Steuer. — Macht und Recht. — Was nun ? — Criminalprocess, 3rd Instanz. — Offenes Antwortschreiben. — Die Arbeiterfrage. — Arbeiterlesebuch. — Die Feste, die Presse und der Frankfurter Abgeordententag.**

**1864 :** **Capital und Arbeit. — Hochverratsprocess. — Erwiderung auf eine Recension. — Ronsdorfer Rede. — Criminalprocess, 2nd Juni.**

מען קען פאַרשטיין דאָס שטוינונג פון די, וואָס האָבן פער־זענלעך געהאַט צו טאָן מיט לאַסאַלן און גאַנץ באַזונדערס פון די, וואָס האָבן געפאַרשט די אינהאַלטס־רייכע ירושה, וואָס איז געבליבן נאָך דעם טויט פונעם שטורמישן פאַלקסטריבון; עס איז געווען דעמאָלט נישט צו פאַרשטיין און עס איז אויך קוים צו באַגרייפן היינט, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען ביי איין מענטשן אַזוי פיל כוח, אַזוי פיל וויסן, אַזוי פיל ענערגיע פאַר נעמען אַזאַ אַקטיוון אַנטייל גלייכצייטיק אין אַזוי פיל, אַפט פאַרוויקלטע ענינים. מיר ווילן זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף זיין ראָלע ווי דער פאַרטיידיקער פון די אינטערעסן פון דער גרעפין האַצפעלד, אַ פרוי, וועלכע האָט שטאַרק געליטן פון אַ גרויזאַמען מאַן, אַ ברוטאַלן פרייסישן יונקער, וואָס זייערע פּראָ־צעסן, מיט דער באַטייליקונג פון לאַסאַלן, האָבן יאָרן לאַנג פאַר־כאַפּט די עפנטלעכע מיינונג פון גאַנץ דייטשלאַנד. מען מעג באַ־טראַכטן דעם ענין ווי אַ גרויסן בירגערלעכן געזעלשאַפט־סקאַנדאַל מיט פערדינאַנד לאַסאַל ווי אַ צענטראַל־פיגור.

עס איז אפשר געווען אומפאַרמיידלעך, אַז ס'רוב פון די, וואָס האָבן געשריבן וועגן לאַסאַלן, זאָלן אָפּגעבן אַזוי פיל פּלאַץ זיין פריוואַטן לעבן, זיינע עראָטישע אַוואַנטורעס און דעם פאַר־נעם פון זיין הויזפירונג אין צענטער פון בערלין. דער יונגער מאַן, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ טראַדיציאָנעלער היים פון אַ באַ־שיידענעם יידישן סוחר אין ברעסלוי, האָט אין בערלין געפירט אַ לעבן פון אַן אויפגעקומענעם פרייסישן אַריסטאָקראַט, אַזוי ווי ער וואָלט וועלן מאַניפעסטירן פאַר דער גרויסער וועלט, אַז דאָס אַלץ שטערט אים נישט צו זיין דער גרויסער אַרבעטער־פירער

און געפינען צייט פאַר זיינע ערנסטע שטודיעס, פאַר אויפטרעטן אויף גרויסע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, פאַר באַטייליקן זיך אין וויכטיקע פּראָצעסן און פאַרטיידיקן נייע באַגריפן וועגן רעכט און אומרעכט. לאַסאַל האָט באַוויזן די דאָזיקע מייסטערישקייט.

דאָס לעצטע יאָר האָט פערדינאַנד לאַסאַל דערשפּירט, אַז ער ווערט אויסגעמאַטערט, אַז ער פאַרלירט כוחות. דאָס באַוואוסטזיין, אַז עפּעס האָט זיך אינעווייניק איבערגעריסן און אַז עפּעס מוז מען טאָן, כדי ווידער צו געווינען דעם אימפּעט, דאָט צערודערט זיינע נערוון. די פּאָליטישע לאַגע אין אייראָפּע איז געוואָרן געשפּאַנט. לאַסאַל האָט געוואָלט זען אַ פאַראייניקט דייטשלאַנד. זיין פּאָליטישער פאַרנעם איז געווען פון אַ שטאַטסמאַן , נישט נאָר פון אַן אַגיטאַטאָר. די פּראָבלעם דענעמאַרק, די פּראָבלעם עסטרייך, די פּראָבלעם פראַנקרייך! דאָס זיינען די וויזערס פאַר דעם וועג צו פאַראייניקונג אין איין גרויסער דייטשער מלוכה!

פערדינאַנד לאַסאַל האָט איבערגעשפּילט און איבערגעשאַצט זיין פּערזענלעכן מאַגנעטיזם און זיינע כוחות. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרומפאָרן איבער דעם לאַנד און ריידן אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון אַרבעטערס. ער האָט זיך אויף קיינעם נישט פאַרלאָזן. אין בערלין האָט ער די גאַנצע צייט אויפגענומען איין אַרבעטער־דעלעגאַציע נאָך דער אַנדערער. הונדערטער בריוו פלעגן אָנקומען און הונדערטער בריוו פלעגן אַרויסגעשיקט ווערן, אַזוי לאַנג ווי לאַסאַל האָט געלעבט, האָט קאַרל מאַרקס פאַרהאַלטן זיך רואיק, געשוויגן. ערשט ווען דער פּאָלקסטריבון האָט פאַרענדיקט זיין לעבן, איז געקומען די אָפּשאַצונג און די קריטיק...

מיר האָבן אין אָנהייב פון דעם אַרטיקל זיך דערלויבט צו זאָגן, אַז פערדינאַנד לאַסאַל איז אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט אויף אַ לייכטזיניקן און, מען מעג זאָגן, אומווערדיקן אופן. ווען מען נעמט אין באַטראַכט זיין אַרבעט און זיין שאַפן, זיין איינפלוס, זיין אינטעליגענץ און זיינע מעגלעכקייטן — קען מען נאָר באַוויינען זיין טויט אין אַ דועל...

# וויליאַם שעקספּיר

**(1964 — 1564)**

ס'איז גאַנץ גלייך, צי וויליאַם שעקספּיר איז דער אמתער מחבר פון דער אומגלויבלעך גרויסער צאָל טעאַטער־פּיעסן און סאָנעטן, אָדער דאָס איז אַ נאָמען, וואָס דעקט דאָס שאַפן פון מערערע געניאַלע שרייבערס, ווי עס באַשטייען אויף דעם אַ סך ליטעראַטור־פאָרשערס. דער ליטעראַטור־אוצר פון שעקספּירן איז אַ פענאָמען אין דער וועלט־ליטעראַטור. "האַמלעט" און "יוליוס צעזאַר", "אָטעלאָ" און "ראָמעאָ און זשוליעטע", "דער קויפמאַן פון ווענעדיג" און "מאַקבעט", "קאָריאָלאַנוס" און "קעניג ליר" און נאָך און נאָך — אַלע גרויסע, מאָנומענטאַלע ווערק, אַזוי פאַרשידן און אַזוי טיפזיניק, אַזוי געהויבן און אַזוי מענטשלעך, אַז עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס מען פרעגט זיך שטענדיק, צי איז דאָס בכלל מעגלעך, אַז איין מענטש האָט עס געשאַפן.

שעקספּיר איז געבוירן אין 1564 און איז געשטאָרבן אין 1616, ד. ה. געווען נאָר 52 יאָר אַלט ביים שטאַרבן. קיין מאַנוסקריפּטן און קיין בריוו, געשריבן מיט דער האַנט פון שעקספּירן, זיינען נישטאָ. ס'איז געבליבן זייער אַ קנאַפּער מאַטעריאַל און נישט קיין זייער זיכערער וועגן זיין ביאָגראַפיע. עס זיינען אַוועק עטלעכע הונדערט יאָר, קיין ענטפער אויף די פראַגעס איז נישטאָ. אָבער די פּיעסן פון שעקספּירן זיינען ביז צום היינטיקן טאָג אַקטועל אין העכסטן גראַד און ווערן געשפּילט אין יעדער גרויסן

טעאַטער, אויב עס זיינען פאַראַן די פּאַסיקע אַרטיסטן פאַר דעם רעפּערטואַר. און אַזוי בלייבט עס.

איינס איז אָבער אַבסאָלוט נייטיק אויף צו פאַרשטיין און באַנעמען שעקספּירן, דאָס איז דער היסטאָרישער הינטערגרונט פון שעקספּיר־טעאַטער און זיין דראַמאַטישער פּראָדוקציע. אין דעם פּרט איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דאָ דעם אַריינפיר פון געאָרג בראַנדעס צו זיין גרויסן און אויספירלעכן ווערק וועגן וויליאַם שעקספּיר:

— "דעם אייגענעם יאָר ווי מיקל אַנדזשעלאָ איז געשטאָרבן אין רוים איז וויליאַם שעקספּיר געבוירן געוואָרן אין סטראַטפאָרד — אָוואָן. דער גרעסטער קינסטלער פונעם איטאַליענישן רענע־סאַנס, וועלכער האָט געמאָלן די בילדער אויף דעם פּלאַפאָן פון דער סיקסטינישער קאַפּעלע, האָט אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ דעם גרעסטן קינסטלער פון ענגלישן רענעסאַנס, וועלכער האָט געשאַפן "קעניג ליר". דער טויט האָט געטראָפן שעקספּירן אין דער שטאָט פון זיין געבורט כמעט אין דער אייגענער צייט, ווען סערוואַנטעס איז געשטאָרבן אין מאַדריד. די צוויי גרעסטע באַשאַפערס פון מענטשלעכע טיפּן פונעם שפּאַנישן און ענגלישן רענעסאַנס, פון דאָן־קישאָט און פון האַמלעט, פון פאַלסטאַף און פון סאַנטשאָ פּאַנ־טשע, זיינען מיט אַמאָל פאַרשוואונדן.

"מיקל אַנדזשעלאָ האָט פּרעזענטירט מעכטיקע און ליידנדיקע העלדן, און קיין איטאַליענישער קינסטלער קען זיך נישט פאַר־גלייכן מיט אים אין טראַגישער ליריק און גרויסקייט. די הער־לעכסטע פיגורן פון סערוואַנטעסן פאַרבלייבן מאָנומענטן פון אַזאַ דערהויבענעם הומאָר, אַז זיי שטייען אויף אַ באַזונדערן אָרט אין דער וועלט־ליטעראַטור. קיין שפּאַניער קען זיך נישט פאַרגלייכן מיט זיין הומאָריסטישער קראַפט.

"שעקספּיר האָט דערגרייכט מיקל אַנדזשעלאָ אין זיין פּאַטאָס און סערוואַנטעסן אין זיין הומאָר. דאָס אַליין גיט אַ פאַרשטעלונג וועגן דעם פאַרנעם פון זיין געניאַליטעט".

איין קליניקייט: שעקספיר איז געשטאָרבן אין 1616, אָבער די ערשטע פּאָר שורות וועגן אים זיינען געשריבן געוואָרן ערשט אין 1709. עס דויערט לאַנג ביז די שטראַלן פון געוויסע פּלאַנעטן דערגרייכן די וועלט...

***

וויליאַם שעקספּיר איז פריער פאַר אַלעמען געווען אַ טעאַטערמאַן, אַליין אַ שוישפּילער און אַן אָנפירער פון אַ טעאַטער, וועלכער איז באַקאַנט געווען אי מיט זיין רעפּערטואַר, אי מיט זיין שפּילן. די טעאַטער־בינע איז געווען זיין וועלט, טעאַטער־קונסט איז געווען אין זיין בלוט. אַז ער האָט גוט געקענט געשיכטע, רוימישע געשיכטע, ווי אויך די גריכישע מיטאָלאָגיע, איז נישטאָ קיין שום צווייפל. דערמיט, מיט זיין קענטעניש, האָט ער זיך געקענט באַנוצן ווען ער האָט געוואָלט ווי עס איז רעאַגירן אויף די פּאָליטישע געשעענישן אינדערהיים. עס האָבן זיך געגרייט גרויסע צוזאַמענשטויסן און בלוטיקע קאָנפליקטן אין ענגלאַנד. ווען שעקספּיר איז געשטאָרבן איז אָליווער קראָמוועל (1599 — 1658) געווען 17 יאָר אַלט. אין צייטן פאַר גרויסע רעוואָלוציאָנערע איבערקערענישן און בשעת גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען איז גוטער טעאַטער זייער אַ וויכטיקער פאַקטאָר.

וויליאַם שעקספּיר איז נישט געווען סתם אַ גוטער שוישפּילער און דראַמאַטורג. ער איז געווען אַ קענער פון דער בינע און פון דער קונסט צו שפּילן. אין דער צווייטער סצענע פונעם דריטן אַקט פון "האַמלעט" דערשיינט אויף דער בינע די טרופּע פון שוישפּילערס, וועלכע האַמלעט האָט צוגעגרייט פאַר דער פאַרשטעלונג, בשעת וועלכער ער וועט אויפדעקן און אויפרייסן די קאָנספּיראַציע, וואָס האָט געפירט צום טויט פון זיין פאָטער. דאָ וועט ער נעמען נקמה פון דעם מערדער, דעם קעניג, און פון זיין מוטער, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיטן מערדער. האַמלעט גיט די לעצטע אינסטרוקציעס צו די שוישפּילערס. ער זאָגט זיי זאַכן,

וואָס יעדער גוטער רעזשיסער זאָגט אָן היינט זיינע שוישפּילערס פאַר אַ וויכטיקער פאָרשטעלונג:

„— איך בעט אייך, דעקלאַמירט איצט פאַר מיר די רעדע, ווי איך האָב זי פריער פאַר אייך דעקלאַמירט! מאַכט עס לייכט, זאָלן די ווערטער ליגן גלאַט אויף דער צונג. אויב איר זאָלט די ווערטער קייען ווי אַ סך פון אונדזערע שוישפּילער טאָן דאָס, — דאַן קען איך פּונקט אַזוי גוט לאָזן די בראַנדוואַכט אויסשרייען זיי. שניידט נישט די לופט מיט די זשעסטן פון אייערע הענט אָט אַזוי, זאָלן די באַוועגונגען זיין נידלעך, ווייל וויפיל שטורם עס זאָל נישט זיין אין אייערע ליידנשאַפטן, מוזט איר אָפּהיטן אַ גע־וויסע מאָס, כדי עס זאָל זיין אנגענעם צו הערן אייך. עס שניידט מיר אין האַרצן, ווען איך הער אַזאַ פּראָסטן פּאַריוקן־טרעגער ווי ער רייסט די ליידנשאַפטן אין שטיקער ווי שמאַטעס, און דאָס אַלץ נאָר כדי די אויערן פונעם עולם זאָלן פּלאַצן פון דעם טומל און געשרייען. און דער עולם האָט דאָך מייסטנס נישט קיין פאַר־שטענדעניש פאַר עפּעס אַנדערעס ווי טומל און געשרייען... אַזאַ חברהמאַן וואָלט איך אָפּגעלאָזט גוטע פּעטש פאַר זיין איבער־טרייבן... איך בעט אייך, מיידט דאָס אויס...

— „זייט אָבער אויך נישט צו שוואַך. לאָזט אייער אייגענעם נאַטירלעכן שכל זיין אייער וועגווייזער. זאָלן אייערע זשעסטן שטימען מיט די ווערטער און די ווערטער מיט די זשעסטן. גע־פינט דעם נאַטירלעכן מיטלוועג, ווייל יעדע איבערטרייבונג צע־שטערט די מיינונג פון דעם געזאָגטן...".

נאָר די פאַנטאַזיע פון אַזאַ געניאַלן רעזשיסער ווי שעקספּיר איז געווען האָט געקענט אַזוי דראַמאַטיש אויפבויען די האַנדלונג אין זיינע ווערק, די שילדערונג פון די קאָנפליקטן, די אַנטוויקלונג פון יעדער האַנדלונג. דערפאַר איז זיין ווערק קיין מאָל נישט פאַרעלטערט, שטענדיק אַקטועל, ווייל שטענדיק מענטשלעך... ער האָט געקענט די בינע און ער האָט נאָך בעסער געקענט דעם עולם און דעם געשמאַק פון דעם עולם... ער האָט געקענט דינען דעם עולם, אָבער ער האָט געהאַט זיין אייגענעם געשמאַק און זיין ווילן.

**
*

יידן האָבן זייער אייגענעם חשבון מיט שעקספּירן. זיין ״שיי־לאָק״ (״דער סוחר פון װענעדיג״) איז אַזוי אומשטאַרביק, װי אַנטיסעמיטיזם איז אייביק. מען קען עס אויך אַנדערש זאָגן: ״שיילאָק״ איז אַזוי לאַנג אומשטערבלעך, װי אייביק עס זיינען די באַנדעס פון אַזעלכע גוטע קריסטלעכע פעלשערס, שווינדלערס און אַלערליי אַנדערע אַנטי־סאָציאַלע פּאַראַזיטן, װי אַנטאָניאָ, דער אַנטי־שיילאָק־העלד פון דער פּיעסע. עס װעט נאָך לאַנג אָנגיין די דיסקוסיע װעגן דעם, צי שעקספּיר האָט געװאָלט זיך אידענ־טיפיצירן מיט דעם געמיינעם חברה־מאַן אַנטאָניאָ אָדער, פאַר־קערט, געװאָלט אָנשפּייען דער גאַנצער קריסטלעכער װעלט אין פּנים אַריין און באַװייזן, װאָס איז אַזוינס קריסטלעכע מאָראַל. לאָמיר געדענקען, אַז מיט פיר הונדערט יאָר צוריק האָט די קריסטלעכע קירך רעגירט און אַז עס איז נישטאָ אַזאַ פאַרברעכן, װאָס די קירך איז נישט באַגאַנגען דעמאָלט, און אַלץ אין נאָמען פון יושר. מען דאַרף נישט לייענען די געשיכטע פון ״ראָקאָמ־באָל״, אָדער די געשיכטע פון דער ״מאַפיאַ״, פּראָמינענטע פאַר־ברעכער־אָרגאַניזאַציעס — מען דאַרף לייענען די געשיכטע פון דער קאַטוילישער קירך, פון דעם װאַטיקאַן, פון די קרייץ־צוגן, פון דער אינקװיזיציע און אויך פון פּראָטעסטאַנטיזם...

װען מען װיל ריכטיק אָפּשאַצן שיילאָקן, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט אַלע װערק פון שעקספּירן, אַלע געהויבענע געדאַנ־קען, װאָס ער זאָגט אַרויס, דעמאָלט װייסט מען, אַז ער האָט גע־האַט אַ געפיל פאַר דעם פינצטערן גורל פון יידן אין מיטלאַלטער און פאַר די ליידן פון דעם אומגליקלעכן ״סוחר פון װענעדיג״. שעקספּיר האָט גוט געקענט געשיכטע.

פאַר שיילאָקן, דעם װאָכערניק, האָט שעקספּיר אוודאי גע־האַט רעספּעקט. עס איז באַקאַנט, אַז שעקספּיר אַליין האָט גע־געבן געלט אויף פּראָצענטן און גענומען נאָר צען פּראָצענט. לייען געלט און נעמען פּראָצענטן איז געװען אַ נאָבעלע באַשעפטיקונג. און שעקספּיר האָט דאָך זיכער געװאוסט, אַז יידן האָבן נישט

געהאַט קיין רעכט צו באַאַרבעטן די ערד און באַשעפטיקן זיך מיט מלאכות. יידן האָבן געמעגט נאָר האַנדלען, לייען געלט פאַר פּראָצענטן. די אַנטאָניאָס האָבן זיך געקענט האַלטן נאָר אַ דאַנק יידישע פּראָצענטניקעס. און נישט נאָר אַנטאָניאָס...

נאַטירלעך, מען קען לייענען שיילאָקן ווי מען וויל אָדער ווי מען איז געשטימט: איז מען אַביסל אַנטיסעמיטיש, געניסט מען, צוזעענדיק די פּייניקונג פון שיילאָקן; איז מען אָבער באַ־הערשט פון ריין־מענטשלעכע געפילן, מוז מען האָבן מיטלייד מיט אַ גורל־געשטראָפטן ייד. העגריך היינע האָט דערציילט וועגן אַ האַרץ־רייסנדיקער סצענע אין לאָנדאָן נאָך אַ פאָרשטעלונג פון "סוחר פון ווענעדיג": ער איז געווען אַ יונגער, אָבער שוין געגוג באַקאַנטער דיכטער און איז צום ערשטן מאָל געווען אין ענג־לאַנד. נאָך דער פאָרשטעלונג האָט ער דערהערט, אַז עמעצער הינטער אים האָט זיך שטאַרק צעוויינט. ער האָט זיך אומגעדרייט און דערזען אַ פרוי, וועלכע האָט געוויינט און אַלץ איבערגע־חזרט:

— אַן אומרעכט איז מען באַגאַנגען צו דעם מאַן...

דאָס איז געווען אַן ענגלישע פרוי, מסתמא נישט קיין זייער פרומע קריסטלעכע נשמה. זי האָט נישט געקענט אויסשטיין די מיאוסע סצענעס, וואו מען האָט געפייניקט דעם יידן דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט נקמה נעמען פון דעם צעלאָזענעם קריסט־לעכן געזינדל.

היינע דערציילט דערביי נאָך עפּעס. ער איז נאָך דער אויפ־טרייסלונג אין לאָנדאָנער טעאַטער געווען אין וועגעדיג און איז אַוועקגעגאַנגען צום ריאַלטאָ זוכן אַ ייד, וואָס זאָל אויסזען ווי שיי־לאָק. עס איז אויך היינט אינטערעסאַנט זיך אַרומצודרייען ביי דעם האַלב־קיילעכדיקן ריאַלטאָ־בריקל, אָבער אין היינעס צייטן, ס'הייסט אַרום הונדערט און צוואַנציק אָדער מער יאָרן צוריק, זיי־נען דאָרט געווען יידישע געשעפטן, ס'הייסט געלט־בייטערס און געלט־באָרגערס. ער האָט אָבער דאָרט קיין יידן נישט געטראָפן. עס איז געווען יום כיפור. איז ער אַוועק אין געטאָ און אַריין אין

שול, עס איז שוין געווען בין־השמשות, מען האָט געהאַלטן ביי נעילה. עס האָבן זיך געטראָגן געוואַלדיקע יללות צום הימל. דער גאַסט האָט געשאַרט מיט די אויגן, געזוכט און דערזען אַ יידן, וועלכער איז געווען ביז איבערן קאָפּ פאַרוויקלט אין טלית און געשריען צום רבונו של עולם. היינע האָט דערפילט, אַז דאָס וויינט דער ייד שיילאָק און בעט פאַר דזשעסיקאַן, זיין טאָכטער, וואָס די קריסטלעכע רוצחים האָבן ביי אים צוגעגנבעט...

איך בין אויך מערערע מאָל געווען אויפן ריאַלטאָ־בריקל אין ווענעדיג און אין דעם אַלטן טייל פון שטאָט, אין דעם הויף פון דעם אַמאָליקן געטאָ, וואו עס געפינען זיך ביז איצט איינע אַנט־קעגן דער אַנדערער דריי שולן, איינע פון זיי שוין אַזוי אַלט, אַז מען האָט זי געשלאָסן. איינע פון די צוויי איבערגעבליבענע, די גרעסערע, איז אינגאַנצן פון פיין־געשניצטן האָלץ אין אַ לענג־לעכער אָוואַל־פאָרעם. דאָ איז מסתמא היינע געווען יום כיפּור און דערזען דעם יידן, פאַרוויקלט אין אַ טלית. איינס האָט אָבער דאָ היינע נישט געקענט זען דעמאָלט: אויף דער געביידע פון דרויסן איז צו דעם מויער צוגעפּלאָסטערט געוואָרן אַ מאַרמאָרענע פּליטע מיט אַ טעקסט, אַז בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה האָבן די דייטשן דעפּאָרטירט פון ווענעדיג הונדערט יידן. מען ווייסט וואוהין די דייטשן האָבן זיי דעפּאָרטירט. זיי האָבן פון אומעטום אין איטאַליע דעפּאָרטירט יידן, אַפילו פון דעם קליינעם וואונדער־שיינעם וועראָנאַ, וואו שעקספּירס "ראָמעאָ און זשוליעטע" האָבן געשפּילט זייער טראַגישע ליבע, האָבן זיי צוגענומען דרייסיק יידי־שע נפשות...

ניין, שעקספּיר האָט נישט געקענט זיין שיילאָקס שונא...

**
*

עס איז כמעט זיכער פעסטגעשטעלט, אַז שעקספּיר איז קיין מאָל נישט געווען אין איטאַליע, יעדנפאַלס נישט אין ווענעדיג. האָט ער דאָך נישט געקענט געבן דער פּיעסע אַזאַ לאָקאַלן קאָלאָ־

ריט ווי מען זעט אין דעם ״קויפמאַן פון ווענעדיג״. איז טאַקע מעגלעך, אַז אַ פּיעסע פון אַן אַנדער באַקאַנטן דראַמאַטורג פון יענער צייט (מאַרלאָווע ?) מיט אַן אינהאַלט פון דעם אייגענעם כאַראַקטער ווי די שײַלאָק־געשיכטע, איז פריער געשפּילט געװאָרן און שעקספּיר האָט אויסגענוצט די פאַרבן פון די פרעמדע בילדער. אַנטיסעמיטישע פּיעסן האָבן צו יענער צייט נישט געפעלט. יידן האָבן בכלל נישט געהאַט קיין רעכט צו לעבן אין ענגלאַנד. ערשט שפּעטער, ווען אָליווער קראָמוועל האָט איבערגענומען די מאַכט, האָט ער קעגן דעם ווילן פון זיין אומגעבונג און קעגן דעם ווילן פון פּאַרלאַמענט אָפּגעשאַפן דעם פאַרבאָט און דערלויבט יידן צו באַזעצן זיך אין ענגלאַנד.

קראָמוועל האָט געפירט מלחמה קעגן דער קאַטוילישער קירכע, אָבער ער האָט נישט ווייניקער פיינט געהאַט דעם פאַנאַטיזם פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע. דער גייסט פון אַזאַ פּראָטעסטאַנטישער קירכע ווי קאַלוויניזם איז נישט געווען בעסער און מענטשלעכער אין די אויגן פון דעם פרומען קראָמוועל, אַ מערקווירדיקער און אייגנאַרטיקער פירער פון אַ גרויסער רעוואָלוציע. זיין אומבאַדייטנדער מאָנומענט שטייט היינט אין לאָנדאָן נישט ווייט פון פּאַרלאַמענט איינער אַליין. מען דאַרף זיך גוט באַקענען מיט דער גאַלעריע פון שעקספּירס קעניגלעכע פּערזענלעכקייטן, מיט די ריטשאַרד׳ס און די הענריכ׳ס, כדי צו פאַרשטיין דאָס לעבן און שאַפן פון אָליווער קראָמוועל, דעם ציווילן פירער פון אַרמייען, וועלכער האָט קיין איינציקע שלאַכט נישט פאַרלוירן און סוף כל סוף געלאָזט אָפּהאַקן דעם קאָפּ פון דעם קעניג.

דאָס זיינען געווען שטורמישע צייטן אין ענגלאַנד און שעקספּיר האָט אויף איין אופן אָדער אויף אַן אַנדערן געוועקט דאָס געוויסן פון פאָלק, גערופן צום געוויסן. עס ווילט זיך נישט גלויבן, אַז אין דעם געוויסן פון דעם געניאַלן דראַמאַטורג איז נישט געווען אַביסל סימפּאַטיע און מיטלייד מיט דעם אומגליקלעכן ״קויפמאַן פון ווענעדיג״....

# העגריך היינע

**(1856 — 1797)**

עס איז אינטערעסאַנט היינט צו לייענען אונדזער גרויסן דיכטער, האָבנדיק אין זינען דאָס היינטיקע דייטשלאַנד — נאָך דער עפּאָכע פון היטלעריזם און "נאַציאָנאַל סאָציאַליזם". היינע איז געבליבן דער וואָס ער איז געווען זיין גאַנץ לעבן ביז דער טראַגישער סוף זיינער איז געקומען. אָבער וואָס פאַר ענדערונגען זיינען געשען מיט זיין דייטשלאַנד פאַר די לעצטע הונדערט יאָר! נישטאָ מער פּרייסן, וואָס דער דיכטער האָט אַזוי געהאַסט... אַ מויער שטייט אינמיטן בערלין און צעטיילט די באַפעלקערונג פון דער הויפּטשטאָט אויף צוויי פיינטלעכע לאַגערן... נישטאָ מער קיין קעניגסבערג, וואו קאַנט האָט געהאַלטן זיינע לעקציעס אין פילאָזאָפיע... נישטאָ מער קיין קייזער... דאָס אַלטע דייטשלאַנד איז באַגראָבן אויף שטענדיק....

העגריך היינע האָט זיין גאַנץ לעבן געליטן פון צוויי אומהיילבאַרע קראַנקהייטן, פון זיין ליבע צו דייטשלאַנד, אַ ליבע, וואָס ער האָט אויסגעקרענקט אין פּאַריז, נישט קענענדיק קומען אַהיים, און פון זיין לייכטזיניקן שמד, וואָס האָט אים געמאַכט מער ייד ווי ער איז געווען פריער בשעת זיין אַקטיווער באַטייליקונג אין דער "געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטן קולטור און וויסנשאַפט ביי יידן". די ערשטע קראַנקהייט האָט ער געהיילט דערמיט, וואָס ער האָט געשריבן פאַר דייטשע צייטונגען וועגן דעם לעבן אין פראַנקרייך און אין דער אייגענער צייט פאַר דעם פראַנצוי־

זישן עולם וועגן דייטשלאַנד. אינגאַנצן דייטש איז ער נישט געווען. בשעת דער פראַנצויזישער אָקופּאַציע פון דיסעלדאָרף, די שטאָט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן, האָט די באַפעל־קערונג דערשפּירט וואָס איז אַזוינס פראַנצויזישער גייסט, און זיין אייגענער פאָטער איז דאָך געווען אין פראַנצויזישן דינסט. העגריך היינע האָט אַלס קינד געזען אין דיסעלדאָרף נאַפּאָלעאָן, רייטנדיק אין פּאַרק פון דער שטאָט. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט. זיכער האָט ער זיך געפילט בעסער און גרינגער געאָטעמט אויף די בולוואַרן פון פּאַריז ווי אין די גאַסן פון די אַלטמאָדישע שטעט פון דייטשלאַנד....

דער דייטשער "נאַציאָנאַלער" היסטאָריקער טרייטשקע, אַ גרויסער דייטשער אַווטאָריטעט, האָט באַוואוסטזיניק געזאָגט אַ ליגן, ווען ער האָט דערציילט, אַז היינע איז געוואָרן פראַנצויזי־שער בירגער. ניין, העגריך היינע, פּונקט אַזוי ווי לודוויג בערנע, ביידע צווישן די פירנדע גייסטער פון "יונג דייטשלאַנד", זיינען געבליבן דייטשע יידן, ביידע געטראָגן דעם יאָך פון צוגעהערי־קייט צום לאַנד, וואו יידישקייט און יידנטום זיינען שטענדיק גע־ווען טריף. גערמאַניזם פאַרטראָגט נישט יידישקייט...

היינע אַלס דיכטער, שטענדיק באַוואונדערט אין דייטשלאַנד גופא, האָט געהאַט אַ מערקווירדיקן מזל: זיין נאָמען האָט מען שטענדיק געפּאָרט מיט געטע — "דער צווייטער נאָך געטע" — אָדער מיט דעם אַנטוישטן, פאַרביטערטן און אַ סך מער ווי היינע פּאָליטיש דערצויגענעם לודוויג בערנע, — בשעת זיין וועזן, זיין גייסטיקער מהות האָט גאָרנישט געהאַט געמיינשאַפטלעכעס נישט מיט דעם ערשטן און נישט מיט דעם צווייטן. היינע איז אַ וועלט פאַר זיך.

עס איז שווער אַריינדרינגען אין דעם שיין און וואַרים געשרי־בענעם "רבי פון באַכאַראַך", ווייל דאָס איז אַ פראַגמענט פון אַ גרעסערן ווערק, וואָס מיר האָבן נישט און וואָס מען קען אַפילו נישט אָנשטויסן זיך וועגן דעם קלימאַקס און דעם סוף פון דער

האַנדלונג. מיר ווייסן אַפילו נישט, צי דער דיכטער האָט נישט צוליב וועלכע ס'איז באַזונדערע מאָטיוון פאַרניכטעט דעם לעצטן טייל פון דער דערציילונג. היינע איז געווען פאַרטאָן אין ערנסטע וויסנשאַפטלעכע שטודיען פון מיטלאַלטערישער געשיכטע און איז געווען גוט באַקאַנט מיט פאַרפאָלגונגען פון יידן, אין אַלערליי ביל־בולים אויף יידן, אין אַלערליי פייניקונגען און נגישות. דער "רבי פון באַכאַראַך" איז אפשר געווען פאַרטראַכט אַלס אַ גרעסער ווערק, אָבער איבערגעריסן און אָפּגעשטעלט.

דערפאַר האָט היינע ברייט פאַרטראַכט און אויספירלעך פאַר־ענדיקט, פול מיט צאָרן און פאַראַכטונג, דעם "וויכוח", דעם דיס־פוט, צווישן דעם קאַטוילישן מאָנאַך און דעם רב. דער דיספוט איז אַראַנזשירט אַלס אַ גרויסער פאַראַד, אין אָנוועזנהייט פון דעם קעניג און די וויכטיקסטע נאָביליטי אַרום דעם קעניג, און אַ ריזיקן המון. דער גלח ווערט ווילד און געמיין פון אָנהויב אָן. וואָס מער דער רב באַהערשט זיך, אַלץ געמיינער און היציקער ווערט דער גלח. ער שיט פעך און שוועבל, אָנשטאָט אַרגומענטן און באַווייזן האָט מען נאָר זילזולים. דער גלח מוז וויסן, אַז ער וועט שוין נישט אויסנעמען ביי די צוהערער....

מער פאַראַכטונג צו דעם קריסטלעכן דעבאַטער וואָלט קיין דיכטער נישט געקענט אַרויסווייזן. מען דערזעט אין דעם בעסטיאַ־לישן פנים פון דעם מאָנאַך די בעסטיעס פון דער אינקוויזיציע בשעת זיי פייניקן דעם יידן "למען השם"...

היינע'ס שמד איז געווען אַ נאַרישער קאַפּריז און אַ פאַלשער חשבון און קיין מענטש האָט עס נישט געוואוסט בעסער ווי דער דיכטער אַליין. מען קען נישט פאַרגעסן, און היינע האָט עס זי־כער נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט געלעבט אין אַן עפּאָכע, ווען יידנטום האָט זיך שוין אַרויסגעריסן פון דער פינצטערניש פונעם מיטלאַלטער און געזוכט נייע וועגן אין דער נייער געשיכטע. לאָמיר דאָ דערמאָנען נאָר אייניקע גרויסע יידישע נעמען נאָך מאָזעס מענדעלסאָן (1729 — 1786), צווישן זיי אויך משומדים: — לודוויג בערנע (1786 — 1837); מאָזעס העס (1875 —

1812); פערדינאַנד לאַסאַל (1825 — 1864); קאַרל מאַרקס (1818 — 1883); לעאָפּאָלד צונץ (1794 — 1866).

דער לעצטער נאָמען קלינגט באמת זייער דראַמאַטיש, ווען מיר רעדן וועגן העגריך היינע. לעאָפּאָלד צונץ, וועלכער איז גע־וואָרן דער גרויסער היסטאָריקער פון דער יידישער מאַרטיראָ־לאָגיע, איז געווען דער הויפּטפּירער צוזאַמען מיט היינע אין דער געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטן קולטור און וויסן צווישן יידן. לעאָפּאָלד צונץ איז באַשערט געווען צו זען אַ גאַנצע רייע פון זיינע מיטאַרבעטער, יעדער איינציקער פון זיי באַדייטנדע געלערנ־טע און וויכטיקע פערזענלעכקייטן, פאַרלאָזן די מחנה און אַוועקגיין פונעם יידנטום. דער שמד פון היינע האָט פאַר דעם דיכטער אַליין נישט געהאַט קיין שום ווערט, גאַרנישט געענדערט אין זיין געדאַנקען־גאַנג. זיין סאַרקאַזם, ווען ער האָט אויף זיין איי־גענעם אופן געקלאָגט, אַז „קיין קדיש" וועט מען נאָך אים נישט זאָגן, איז געווען געריכטעט קעגן זיך אַליין. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט באַגאַנגען אַ גרויסע זינד קעגן זיך אַליין. יידישע עלע־מענטן זיינען קיין מאָל נישט פאַרשוואונדן פון דעם דיכטערס טעמאַטיק. ער האָט זיך גענוג געשטראָפט...

***

די פּאָפּולאַריטעט פון העגריך היינע איז אויסגעוואַקסן ביי די גרויסע מאַסן אַ דאַנק זיין „בוך דער לידער", וואָס איז אי־בערגעזעצט געוואָרן אין אַ סך שפּראַכן. דער עולם איז פאַר־כאַפּט געוואָרן פון די צאַרטע, האָניג־זיסע ראָמאַנטישע לידער, נישט געשריבן אין דער פאָרמעלער, עקזאַקטער דייטשער שפּראַך, נאָר אויסערגעוויינלעך מילד און מוזיקאַליש. עס איז נישט קיין צופאַל געווען, וואָס גרויסע קאָמפּאָזיטאָרן ווי שומאַן און שובערט, ליסט און אַנטאָן רובינשטיין און הונדערט אַנדערע, האָבן גע־שריבן מוזיק צו היינע'ס לידער. „דו ביסט ווי איינע בלומע", „איך האָבע דיך געליבט", „אין חלום האב איך די געליבטע גע־זען" — דאָס איז אַלץ לירישע דיכטונג, וואָס האָט אַמאָל גע־

פּאַסט צו דעם סטיל און ריטם פון דעם בידערמייער־סענטימענ־
טאַליזם, אָבער נישט צו דעם גייסט פון "דייטשלאַנד, דייטשלאַנד,
איבער אַלעס!" און נישט צו דעם טראַמפּן פון דעם סאָלדאַטן־
שטיוול בעת דעם פּאַראַדע־מאַרש. דער דיכטער פון די ליבע־
לידער האָט אויך געקענט האַסן. ווען ער דערמאָנט זיך אין זיינע
שונאים, באַזונדערס אין דעם פּרייסישן יונקערטום, זינגט ער
גאָר אַנדערש:

**Du, hässlicher Vogel, wirst du einst**
**Mir in die Hände fallen,**
**Da rupfe ich dir die Federn aus**
**Und haue dir ab die Krallen. *)**

היינע איז פאַרשפּאַרט געוועז די נקמה. דער "העסלעכער
פויגל" איז שוין פאַרניכטעט. נישט נאָר די פעדער זיינע האָט
מען ביי אים אַרויסגעריסן און נישט נאָר די נעגל אָפּגעהאַקט,
נאָר אויך דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט...

דער אמת איז, אַז היינע האָט קיין מאָל נישט געשריבן אַ "בוך
דער לידער". דאָס בוך איז אַנטשטאַנען פון דעם, וואָס מען האָט
געזאַמלט יוגנט־לידער פון היינע, געשריבן און געדרוקט אין פאַר־
שידענע צייטן, און וואָס האָבן געהאַט ביים עולם אַ גרויסן דער־
פאָלג. עס האָט לאַנג געדויערט ביז דער פאַרלעגער האָט זיך
געלאָזט איבעררעדן און קענן זיין אייגענעם ווילן אַרויסגעגעבן
דאָס "בוך דער לידער". ער האָט באַצאָלט אַ פּאָר גראָשן דעם
דיכטער און האָט געמאַכט איינס פון די גלענצנדסטע געשעפטן,
וואָס דער פאַרלאַג האָט ווען עס איז געהאַט מיט די ווערק פון
אַ דיכטער.

היינע'ס דיכטונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, אָבער די
מיינונג, אַז דער מין דיכטונג איז געווען די הויפּטפאָרם פון זיין
שרייבן איז פאַלש. אין אַ פאָרוואָרט צו איינעם פון זיינע ווערק
שרייבט ער אַליין, אַז ער ווייסט, אַז מען דערוואַרטעט פון אים

---

*) Deutschland, „Ein Wintermärchen", gesam. Schriften, Band 17, Seite 128. Hoffman und Campe, 1868.

דאָס בוך איז דער פאָרם פון ווערזן, אָבער דאָס פּראָזא־שרייבן איז אים נענטער און ליבער.

היינע׳ס הויפּט־טעמאַטיק האָט זייער ווייניק צו טאָן מיט זיינע לירישע ווערק פון דער יוגנט־צייט. היינע האָט אַ סך שטו־דירט, האָט גוט אָבסערווירט, האָט געהאַט אַ גוטע פאַרשטענדע־ניש פאַר די געשעענישן אין פראַנקרייך פאַר דער רעוואָלוציע פון 1848 און נאָך איר. ער האָט גוט געקענט קאַרל מאַרקס, וועלכער האָט ליב געהאַט דעם דיכטער, הגם ער איז נישט מסכים געווען שטענדיק מיט זיינע מיינונגען; ער האָט אויך געקענט דעם היסטאָריקער און שפּעטערדיקן דיקטאַטאָר טיער; ער איז געווען זייער נאָענט מיט דעם קאָמפּאָזיטאָר מעערבער און צוזאַמען מיט אים געהאָלפן ריטשאַרד וואַגנער, דעם גרויסן דייטשן קאָמפּאָזיטאָר און דעם נאָך גרעסערן יידן־פיינט אַריינצו־טרעטן אין דער מוזיקאַלישער וועלט פון פראַנקרייך. (מען מעג דאָ באַמערקן דרך אגב, אַז דעם גאַנצן אינהאַלט פון דער אָפּערע ״דער פליענדער האָלענדער״ האָט וואַגנער באַקומען פון הענריך היינע).

דער וויכטיקסטער ביאָגראַפער פון היינע אַדאָלף שטראָדמאַן זאָגט[1]:

— פון דעם ערשטן טאָג אָן זינט היינע האָט געשטעלט זיין פוס אויף דער ערד פון פראַנקרייך, האָט ער זיך באַטראַכט פאַר דעם באַרופענעם פאַרמיטלער צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך. ער האָט אין דעם געזען אַ ספּעציעלע מיסיע — צו סטימולירן דאָס גרויסע ווערק פון פעלקער־פאַרברידערונג, אויפקלערנדיק די עסענץ פון דעם דייטשן גייסט פאַר די פראַנצויזן און באַקענענדיק זיינע אייגענע לאַנדסלייט מיט דער פראַנצויזישער מענטאַליטעט. אויף וויפיל ערנסט ער האָט זיך באַצויגן צו דער דאָזיקער מיסיע קען מען זען פון זיין שרייבן בשעת ער האָט געלעבט אין פּאַריז, ווי אויך פון די פייערלעכע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט אָפּגע־

*) Adolf Strodtman II. Seite 253, 1869.

שלאָסן זיין טעסטאַמענט, ווען ער האָט אים דיקטירט דעם 13־טן נאָוועמבער 1851:

— "עס איז געווען די גרעסטע אויפגאַבע פון מיין לעבן צו אַרבעטן פאַר אַ האַרציקער פאַרשטענדיקונג צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך און נישט צו דערלאָזן, אַז אינטערנאַציאָנאַלע פאַר־אורטיילן און פיינטשאַפט זאָלן אויסגענוצט ווערן. איך גלויב, אַז איך האָב פאַרדינט אַ דאַנק פון ביידע, פון מיינע אייגענע לאַנדסלייט, ווי אויך פון די פראַנצויזן".

***

די ערשטע העלפט פון דעם נײַנצעטן יאָרהונדערט איז איי־ראָפּע געווען אַן עדות, אָפּט אַ מיטבאַטייליקטער, פון גרויסע איבערקערענישן. דער צענטער פון די געשעענישן איז געווען פּאַריז. נאָך דעם ווינער קאָנגרעס פון 1815 האָט די רעאַקציע, מיט דער "הייליקער אַליאַנס" אין דער שפּיץ, געמאַכט אַלערליי פּאַרזוכן אומצוקערן זיך צו "די אַלטע, גוטע צייטן" פון פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אָבער נאָך דער רעוואָ־לוציע פון 1830 איז געקומען דער שטורם פון 1848, וואָס האָט אויפגעטרייסלט גאַנץ אייראָפּע. מיט דעם פאַרשווינדן פון דעם עסטרייכישן קאַנצלער מעטערניך, דער הויפּט־אָנפירער פון דער רעאַקציע, וואָלט דער גאַנג פון די געשעענישן זיך געקענט שטאַרק ענדערן, אויב אין מזרח פון אייראָפּע וואָלט נישט דאָמינירט ניקאָ־לאַי דער ערשטער. עס האָט נאָך געזאָלט אַוועקגיין אַ האַלבער יאָרהונדערט פון דעם גרויסן רוסישן אינקוויזיטאָר איידער דער גאַנצער בנין וועט זיך איינברעכן. און ער האָט זיך איינגעבראָכן.

פאַר אַזאַ וויסנס־רייכן שרייבער, פאַר אַזאַ סענסיטיוון באָאָ־באַכטער ווי הענריך היינע, וועלכער האָט אַלץ געזען און אַלץ געפילט, האָבן די שטורמישע געשעענישן געמוזט מאַכן אַ גע־וואַלדיקן איינדרוק. ער פאַרקערט אין די הויכע פּאָליטישע ספערן, אָבער די אינטערעסן פון די ברייטע פאָלקסמאַסן זיינען פאַר אים

אַמנאָענטסטן. עס בליט די פראַנצויזישע אינדוסטרי, עס זאַמלען זיך גרויסע קאַפּיטאַלן אין די הענט פון אַ באַגרענעצטן קרייז, עס שפּרודלט דאָס לעבן אין די לוקסוס־סאַלאָנען, אויף די בול־וואַרן, ביי דער ניי־אויפגעקומענער בורזשואַזיע, עס לעבן אָבער אין נויט די מאַסן פון די עקספּלואַטירטע.

אין אַ געוויסן זין איז היינע׳ס היים געוואָרן אַ מין דייטשע אינסטיטוציע אין פּאַריז. דייטשע עמיגראַנטן, פּאָליטישע עמי־גראַנטן, וועלכע האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן דעם רעאַקציאָ־נערן נאַציאָנאַליזם, דייטשן, וועלכע זיינען געקומען אויף אַ קורצן באַזוך קיין פּאַריז, האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק צו קומען באַ־גריסן דעם דיכטער, הערן אים רעדן. אַפילו דעמאָלט, ווען היינע איז שוין געוואָרן קראַנק, שווער קראַנק — די לעצטע פופצן יאָר פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין בעט און קיין מאָל נישט געקענט פאַרלאָזן דאָס הויז — האָבן די באַזוכן קיין מאָל נישט אויפגעהערט. עס האָט זיך אויך אין דייטשלאַנד גערירט דאָס אייז און נייע פּאָליטישע אידעען האָבן אָנגעפילט די לופט. די נישט קלאָר פאָרמולירטע, כלומרשט סאָציאַליסטישע אידעען פון סען־סימאָניזם האָבן געהאַט אַ געוויסע נאָכפאָלגערשאַפט אויך אין דייטשלאַנד. ווען היינע איז אָנגעקומען אין 1831 קיין פּאַריז, איז סען־סימאָניזם געווען די פּאָפּולערסטע פּאָליטישע מאָדע, וואָס האָט געזאַמלט אַרום זיך דאָס ליבעראַלע און אינטעלעקטועלע קליינבירגערטום, וואָס האָט געבענקט נאָך פרייהייט און יושר. סען־סימאָן איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע, זיינע שילער האָבן אָנגעפירט מיט דער באַוועגונג, אויב מען קען דאָס וואָרט דאָ באַנוצן. די אידעען, אַ געמיש פון רעליגיעזע און סאָ־ציאַלע פּראָבלעמען, האָבן פּראָדוצירט שטימונגען און ווערטער, וועלכע זיינען נישט דערגאַנגען צום פאָלק.

היינע האָט נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי, ער איז נישט געווען געבונדן, ער איז געווען אַ פרייער דענקער און אַ פרייער כאַראַקטער. סען־סימאָניזם האָט אים פאַרכאַפּט אַ געוויסע צייט, ווייל ער האָט אין אים דערשפּירט דעם דראַנג

פון מענטשן צו פרייהייט, צו עפּעס, וואָס איז אַנדערש ווי די ווירקלעכקייט.

היינע האָט באַזוכט די אָוונטן פון די סען־סימאָניסטן. ער איז אַפילו געווען אויף דעם אָוונט, ווען פּאָליציי איז געקומען און אויפגעלעזט די געזעלשאַפט.

זיין דראַנג צו זעלבסטשטענדיקן דענקען, זיין אַבסאָלוטע פרייהייט אין לעבן, זיין פאַרקער מיט פאַרשידענע גאָר נישט קיין פּראָלעטאַרישע קרייזן, זיין נישט־קאָנפאָרמיזם מיט די עקס־טרעמע לינקע קרייזן האָט געפירט צו פערזענלעכע קאָנפליקטן. דער ערגסטער פון די אידעאָלאָגישע קאָנפליקטן האָט געבראַכט די פיינטשאַפט צווישן אים און לודוויג בערנע, אַ שפּאַלטונג און אַ ריס צווישן צוויי ברילאַנטע גייסטער, וועלכער האָט נישט געבראַכט קיין גרויסן כבוד היינע — מיר האָבן אין זינען זיין בוך וועגן בערנע...

***

אין דעם היינטיקן דייטשלאַנד, וואָס איז דורכגעגאַנגען היט־לערס גיהנום, איז אַ גרויסע גערעטעניש אויף היינע־ליטעראַטור. באַלד נאָך דער מפּלה פון נאַציזם, באַלד נאָך דעם ווי פרעמדע אַרמייען האָבן באַפרייט גאַנץ אייראָפּע און אויך דאָס דייטשע פאָלק פון דעם אַנשיקעניש, האָבן אָנגעהויבן דערשיינען נייע ווערק וועגן העגריך היינע, "זייער" גרויסן דיכטער. אייניקע פון די דייטשע שרייבערס האָבן זיך דערמאַנט, אַז ער איז געווען דער אמת׳ער וואָרטזאָגער אין פראַנקרייך פאַר דייטשע אינטע־רעסן און אַז די פראַנצויזן, אַפילו די וואָס האָבן נישט געקענט קיין דייטש און נישט געקענט לייענען זיינע אָריגינעל ווערק, האָבן אים באַטראַכט פאַר דעם רעפּרעזענטאַנט פון דייטשן גייסט: צווישן די דייטשע היינע־פאָרשערס איז מען שוין היינט אַזוי ווייט געקומען, אַז מען לייקנט אפילו זיין יידישקייט און זיין בענקשאַפט נאָך דעם יידישן טעם. אפילו אַזאַ ערנסטער היינע־

פאַרשער ווי פּראָפעסאָר פרידריך הירט האָט זיך נישט געשעמט צו שרייבן, אַז ״היינע האָט קיין מאָל זיך נישט געפילט צו זיין אַ ייד, אפילו ווען ער איז געווען קראַנק און איז געלעגן אויף זיין טויטנבעט. ער איז צוריקגעקומען צו גאָט נישט טראַכטנדיק וועגן יעהאָוואַ. די צאָלרייכע אַטאַקעס זיינע אויף יודאַאיזם וואָלטן געדאַרפט אָפּהיטן היינע באַטראַכט צו ווערן פאַר אַן אמת׳ן יידישן דיכטער״. פּראָפעסאָר הירט, אַ גרויסער זאַמלער פון היינע׳ס בריוו און אַלערליי היינע־מאַטעריאַלן, איז געשטאָרבן מיט עט־לעכע יאָר צוריק. עס נוצט נישט מיט אים צו דיסקוטירן איצט, אָבער עס וואָלט גוט געווען פאַר אים און פאַר די וואָס טראַכטן ווי ער צו לייענען אַ היפּש ביסל פון היינע׳ס דיכטונג, וואָס האָט צו טאָן מיט קריסטנטום און יידנטום. דאָס בעסטע פון אַלץ איז די פּיקאַנטע פּאָעמע ״דאָנאַ קלאַראַ״: די צניעות׳דיקע שיינקייט האָט באַקומען צו וויסן פון איר פאַרפירער, אַז ער איז גאָר דער זון פון אַ פרומען רב. מען זאָל בכלל צוזאַמענגעמען דעם חוזק וואָס היינע מאַכט פונעם קריסטנטום, וואָלט מען אים געדאַרפט ברענען אויף צען שייטערהויפנס...

דער שרייבער פון די שורות איז געשטראָפט געוואָרן מיט אַ פּיינלעכער סצענע, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין פּאַריז און איז אַוועק אויף דעם מאָנמאַרטער־בית עולם צום קבר פון הענריך היינע. איך האָב געבעטן דעם היטער פונעם גרויסן בית עולם צו באַווייזן מיר די יידישע אָפּטיילונג. איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז היינע האָט זיך גע׳שמד׳ט. האָב איך נישט געקענט געפונען זיין קבר דאָרט וואו איך האָב אים גע־זוכט. נאָך אַן אויפגערעגטן שמועס מיטן היטער, אַן אַלטער סאָלדאַט מיט איין האַנט, האָט ער מיך געבראַכט צום קבר, אַ גאַנץ פּראָסטער, איינגעקלעמט צווישן אַ מאַסע אַנדערע. עס האָט געקענט איינעם פאַרקלעמען ביים האַרצן. יאָ, דאָ האָט קיינער קיין קדיש נישט געזאָגט, דאָ איז קיין מעסע נישט געפּראַוועט געוואָרן, ווי דער דיכטער האָט עס פאָראויסגעזאָגט.

דאָס פּערזענלעכע פאַמיליע־לעבן פון היינע, זיין שווערע,

אומהיילבאַרע קראַנקהייט אין פאַרלויף פון פונצן יאָר בשער דער קאָפּ האָט געאַרבעט אינטענסיוו און אַלע חושים געבליבן פריש, איז געווען אַ דראַמע, וואָס נאָר ווייניק מענטשן וואָלטן געקענט אויסהאַלטן. זיין אַוועקגיין פון דער וועלט האָט אַרויסגערופן טיפן און אויפריכטיקן מיטלייד און טרויער.

היינע׳ס גייסט איז ביז איצט נאָך לעבעדיק...

**
*

אַ מוסטער פון היינע׳ס דיכטונג און אין דער אייגענער צייט אַ מוסטער פון זיינע סאָציאַלע אידעען און באַציאונג צו די ברע־נענדע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון זיין צייט איז גרינג צו גע־פינען אין אַ סך פון זיינע לירישע ווערק און פּאָליטיש־פילאָזאָ־פישע געדאַנקען, אָבער זעלטן זיינען זיי געקומען צו אַזאַ קלאָרן און שאַרפן אויסדרוק ווי אין דעם באַרימטן געדיכט ״די שלע־זישע וועבער״, וואָס מיר ברענגען דאָ אין דייטשן אָריגינאַל און אין דוד פרישמאַנ׳ס איבערזעצונג אויף יידיש. דער גורל פון וועבעריי אין דער צייט פון אַ פּראָגרעסיווער אינדוסטריאַליזאַציע און דער גורל פון די פאַרשקלאַפטע און אויסגעהונגערטע וועבער איז געווען אַ טראַגיש פּראָבלעם נישט נאָר אין דייטשלאַנד און געגנוג ווערק זיינען געשריבן וועגן זיי אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער. היינע האָט אָבער אויסגעדריקט זיין האַס צו דער שקלאַפעריי אין זיין געליבטן פאָטערלאַנד, זיין האַס צו דעם רעזשים און זיין מיטלייד מיט די קרבנות פון דעם רעזשים ווי קיין אַנדערער האָט עס נישט געטאָן.

אין דער סקיצע, געווידמעט דעם אָנדענקען פון דעם יידישן רעוואָלוציאָנער אין רוסלאַנד ע. קראַל, וואָס דער לייענער וועט געפינען אין אַן אַנדער טייל פון דעם בוך, איז דאָ אַן אָפּקלאַנג פון היינע׳ס סאָציאַל־פּאָליטישע אידעען, און זייער איינפלוס אויף די שפּעטערדיקע דורות.

נישט קיין קדיש און נישט קיין מעסע האָט היינע נישט גע־דאַרפט האָבן. זיין דיכטונג און זיינע אידעען איז אומשטערבלעך...

*HEINRICH HEINE*

## DIE SCHLESISCHEN WEBER

**Im düstern Auge keine Träne,**
**Sie sitzen am Webstuhl und fletschen die Zähne:**
**"Deutschland, wir weben dein Leichentuch,**
**wir weben hinein den dreifachen Fluch ..**
**wir weben, wir weben!**

**"Ein Fluch dem Gotte, zu dem wir gebeten**
**in Winterskälte und Hungersnöten;**
**Wir haben vergebens gehoofoft und geharrt,**
**er hat uns seäfft und gefoppt und genarrt ..**
**wir weben, wir weben!**

**"Ein luch dem König, dem König der Reichen,**
**Den unser Elend nicht konnte erweichen,**
**Der den letzten Groschen von uns erpresst,**
**Und uns wie Hunde erschiessen lässt!**
**wir weben, wir weben!**

**"Ein Fluch dem falschen Vaterlande,**
**wo nur gedeihen Schmach und Schande,**
**wo jede Blume früh genickt,**
**wo Fäulnis und Moder den Wurm erquickt!**
**wir weben, wir weben!**

**"Das Schiffchen fliegt, der Webstuhl kracht,**
**Wir weben emsig Tag und Nacht ..**
**Altdeutschland, wir weben Dein Leichentuch,**
**wir weben hinein den dreifachen Fluch,**
**wir weben, wir weben!**

העניריך היינע

# שלעזישע וועבער

אין פינצטערן אויג קיין טרער נישט צו זען,
זיי זיצן ביים וועבשטול און קריצן די ציין :
„דייטשלאַנד, מיר וועבן דיין טויטנטוך,
מיר וועבן אַריין דעם דרייפאַכן פלוך —
מיר וועבן, מיר וועבן !

„אַ פלוך, דעם גאָט, צו וועמען אין נויט
מיר האָבן געבעטן, געזיצן אָן ברויט :
מיר האָבן אומזיסט געהאָפט און געוואַרט ;
מען האָט אונדז פאַרלאַכט און פאַרשפּאָט און גנאַרט —
מיר וועבן, מיר וועבן !

„אַ פלוך דעם הערשער, דעם הערשער פון רייך,
וואָס אונדזער און לייד זיינען אים גלייך,
וואָס רויבט אונדזער אַרבעט און זויגט אונדז און שינדט,
און לאָזט אונדז אַצינדער דערשיסן ווי הינט —
מיר וועבן, מיר וועבן !

„אַ פלוך דעם פאַלשן פאָטערלאַנד,
וואו ס׳וואַקסט פאַר אונדז נאָר שפּאָט און שאַנד,
וואו יעדע בלום ווערט פרי צעדריקט,
וואו מיסט און צעפוילטקייט דעם וואָרים דערקוויקט —
מיר וועבן, מיר וועבן !

„דאָס שיפל פליט, דער וועבשטול קראַכט,
מיר וועבן פלייסיק טאָג און נאַכט —
אַלט־דייטשלאַנד, מיר וועבן דיין טויטנטוך,
מיר וועבן אַריין דעם דרייפאַכן פלוך,
מיר וועבן, מיר וועבן !

# היינע־ביבליאָגראַפיע

מיר ברענגען דאָ נאָר אייניקע ווערק געווידמעט דעם לעבן און שאַפן פון הענריך היינע. די ווערק האָבן אַ באַזונדערן ווערט פאַר די, וואָס זיינען אינטערעסירט אין גרינדלעכע היינע־שטודיען.


**ADOLF STRODTMAN. — Heinrich Heines Leben und Werke.** Verlag Franz Dunker, Berlin. 1867.
» Fendler u. C*, Wien.
» Steiger, New Cork.
I. Band, 1867 (393 Seiten).
II. Band, 1869 (612 Seiten).

**GUSTAV KARPELES. — Heinrich Heine.** Aus seinem Leben und seiner Zeit. Verlag Adolf Fize, Leipzig, 1899.

**GEORG BRANDES. — Heinri Heine,** 1922. Gyldendal, Copenhagen.

**ANTONINA VALENTIN. — Henri Heine.** Editions Albin Michel, Paris, 1956.

**E. M. BUTLER. — Heinrich Heine.** The Hogarth Press, London, 1956.

**E. M. BUTLER. — The Saint-Simonian Religion in Germany.** (A Study of the Young German Movement). Cambridge, The University Press, 1926.

**JOSEPH DRESCH,** Recteur honoraire de l'Académie à Strasbourg. — **Heine à Paris** (1831-1856).

**F. HIRTH. — Heinrich Heine und seine französische Freunde.** Mainz, 1949.

**Dr. GEORG MUECKE. — Vorschungen zur Neurer Literaturgeschichte.** Herausgegeben von Dr. Franz Muncker, Prof. an der Universität München. Verlag Al. Duncker, Berlin, 1908. (XXX. IV).

## HEINRICH HEINES SAEMTLICHE WERKE

**Hoffman und Kampe,** Hamburg.

1. **Reisebilder,** 1867. I. Harzreise. — II. Nordeney. — Ideen. Das Buch Le Grand.
2. **Reisebilder,** 1868. I. Italien.
3. **Englische Fragmente,** 1868. Shakespeares Mädchen und Frauen.
4. **Novellistische Fragmente,** 1868. I. Der Rabbi von Bacharach. — II. Memoiren Schnabelwobski. — III. Florentinische Nächte.
5. **Ueber Deutschland.** I. Zur Geschichte der Religion und Philosophie in Deutschland (1834).
6. **Ueber Deutschland,** 1868. II. Die Romantische Schule (1834).
7. **Ueber Deutschland.** III. Elementargeiste und Dämonen. (1834).
8. **Französische Zustände.** I. Das Bürgerkönigtum im Jahre 1832. Vive la France quand même !
9. **Französische Zustände.** II. Lutetia : Parlamentarische Periode 1840-1841.
10. **Französische Zustände,** 1868. I. Parlamentarische Periode 1841, 1842, 1843. — II. Kommunismus, Philosophie, Klerisei - Piräneen.
11. **Französische Zustände,** 1868. Kunstberichte - Malerei - Bühne - Musik.
12. **Ludwig Börne, 1840.** 1868.
13. **Vermischte Schriften,** 1868. Autobiographische Skizze.
14. **Vermischte Schriften,** 1868. Ueber den Adel.
15. **Dichtungen,** 1868. I. Buch der Lieder.
16. **Dichtungen,** 1868. II.Tragödien und Neuen Gedichte.
17. **Dichtungen,** 1868. III. Atta Troll. Deutschland. Zeitgedichte.
18. **Dichtungen,** 1868. IV. Romancero und Letzte Gedichte.

# אינהאלט

# ווערק פון וולאַדימיר גראָסמאַן

## י י ד י ש

גערג בראַנדעס און פעטער קראָפּאָטקין

אַמאָל און היינט

מענטשן און פּראָבלעמען

## ע נ ג ל י ש

פּאַן־דזשערמאַניק וועב [1]

די סאָל איז קאָלינג [2]

דריי בענדער קאַנעדיען דזשואיש יירבוק [3]

## ד ע נ י ש

קאָזאַקלאַנד

דע גאַמלע רוסלאַנד אָ דע ניע [4]

פּאַריז (געקרוינט מיט אַ פּרייז)

קאָרסווייען (דראַמע) [5]

### צוגעגרייט צום דרוקן:

היינריך היינע, זיין לעבן און זיין ווערק

---

1) פּאַן־גערמאַניזם. 2) די ערד רופט. 3) קאַנאַדער יידיש יאָרבוך.
4) דאָס אַלטע רוסלאַנד און דאָס נייע. 5) אויפן קרייצוועג.